№ 3 קליינע ביבליאָטעק

א. ווײַן

# די ייִדן אין שפּאַניע

## פֿון די עלטסטע צײַטן
## ביז צום גירוש (1492)

פֿאַרלאַג  וואַרשע

1958

№ 3 Mała Biblioteka

A. WAJN

# Żydzi w Hiszpanii od czasów najdawniejszych do wygnania (1492)

Red. B. MARK
רעד. ב. מארק
Okładkę projektował H. GLIKSZTOK
הילע געצייכנט ה. גליקשטאָק

Wyd. „Idisz Buch“ Warszawa Nowogrodzka 5

Nakład 3000 egz. Druk ukończono w październiku 1958 r. Ark. druk. 4,5. Ark. wyd. 3. Papier druk. mat. V kl. 60 gr. 70x100.

Druk. R.S.W. „Prasa”, Warszawa, ul. Tarczyńska 8.
Zam. 5516 — A-84

# I. די יידן אין דעם רוימישן און וועסטגאָטישן שפּאַניע

אויף דעם פּירענעישן האַלבאינדזל זענען די יידן געקו־מען נאָך אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער נייער ערע. זיי זענען פאַרטראָגן געוואָרן אַהין דורך דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער יידישער מיגראַציע קיין מערב אין די צייטן פון נאָכן צווייטן חורבן. די רוימישע קיסרים האָבן באַזעצט אין שפּאַניע באַדייטנדיקע צאָלן פון יידישע קריגסגעפאַנגע־נע. שפּעטער איז די איינוואַנדערונג פון די יידן קיין שפּאַניע פאַרגעקומען הויפּטזעכלעך פון די צפון־אַפריקאַנישע קהלות, און די עמיגראַציע פון דאָרטן האָט זיך פאַרגרעסערט אין די צייטן, ווען דאָס קריסטלעכע רוים און די קירכן־פאָטערס אין די צפון־אַפריקאַנישע שטעט האָבן געדריקט און גערו־דפט די דאָרטיקע יידישע איינוווינער, די יידן האָבן געזוכט אַ מקום מקלט אין די שטעט פון פּירענעישן האַלבאינדזל, וווּ די קירך איז נאָך נישט געווען גענוג שטאַרק אויף צו רו־דפן אַנדערשגלויביקע.

אין אָנהייב IV י״ה זענען יידן שוין געווען אַן איינפלוס־רייכער טייל פון דער באַפעלקערונג אין שפּאַניע. אַ באַווייז פאַר דעם זענען די החלטות פון דעם עלווירער סינאָד פון די

ביסקופֿן (306 י.). אַזש פֿיר קאַנאָנען פֿון זיי זענען געווענ־דעט קעגן יידן, און אָט וואָס ס'שטייט אין זיי: „מע דאַרף דערמאָנען די ערד־אייגנטימער, אַז זיי זאָלן נישט צולאָזן יידן צו בענטשן די פּירות; אויב עמעצער וועט עובר זיין אויף דעם פֿאַרבאָט, ווערט ער אינגאַנצן אויסגעשלאָסן פֿון דער קירך" (קאַנאָן 49); „אויב אַ גייסטלעכער אָדער אַן אַנדערער גלויביקער וועט אָפּהאַלטן סעודות מיט יידן, דאַרף מען אים באַזייטיקן פֿון דער קאָמונע" (קאַנאָן 50); „קאַטוילישע מיידלעך טאָר מען נישט חתונה מאַכן מיט יידן" (קאַנאָן 16); „ווען אַ רעכטגלויביקער וועט מנאף זיין מיט אַ יידישער פֿרוי, דאַרף מען אים באַזייטיקן פֿון דער קאָמונע" (קאַ־נאָן 78).

דער פֿאַרשטאַרקטער איינפֿלוס פֿון דער קירך האָט גורם געווען דערצו, אַז אין שפּאַניע האָט מען פֿריער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער אָנגעהויבן פֿאַגראָמירן יידישע קהלות און איינפֿירן צוואַנגס־שמד.

פֿון סוף V ביזן סוף VI י"ה האָבן די שפּאַנישע יידן גע־קאָנט לעבן פֿאַרהעלטניסמעסיק רואיק. די נצחונות פֿון די אַריאַנישע וועסטגאָטן אין שפּאַניע און זייער דויערהאַפֿטער קאָנפֿליקט מיט די קאַטאָליקן האָט גורם געווען, אַז די ביידע קעמפֿנדיקע צדדים האָבן די יידן געלאָזט צורו.

אין דער זעלבער צייט וואַקסן די יידישע קהלות אין דער הויפּטשטאָט טאָלעדאָ און אין אַנדערע שטעט, און די פֿאַר־בינדונגען מיט די אַנדערע צענטערם פֿון דער דיאַספּאָרע זע־נען אויפֿסניי געוואָרן אויפֿגעלעבט.

אינגיכן איז אָבער אַנטשטאַנען אַ צייט, ווען די וועסט־גאָטן, וועלכע זענען פֿון אַריאַניזם אַריבער צום קאַטאָליציזם,

און זייער הערשאפט אין שפּאַניע האָט געברענגט מער צרות און רדיפות אויף יידן, ווי אין די צייטן פאַר זייערע נצחנות אין שפּאניע.

דער וועסטגאָטישער קעניג רעקארעד I (586—601) האָט, אונטער דער השפעה פון דער קאטוילישער גייסטלעכקייט אָדער פון די פּאָליטיקער, וואָס האָבן געוואָלט ליקווידירן דעם רעליגיעזן אנטאַגאָניזם צווישן די גאטן און די ראָמאַנען, פּראָקלאמירט אין יאָר 589, אז ער און זיינע מיטגלויביקע וועלן קעמפן פאַר אן איינהייטלעך קאטויליש שפּאניע. עס זענען באלד אָנגענומען געוואָרן די פּאָלגנדיקע אנטייידישע געזעצן: א ייד טאָר נישט האָבן קיין קריסטלעכע פרוי; אויב פון אזאַ שידוך ווערן געבוירן קינדער, מוזן זיי פאַרבלייבן קריסטן; אַ ייד קאָן נישט פארנעמען א פּאָסטן, וואָס גיט אים די מאכט צו באַשטראָפן קריסטן; אַ ייד האָט נישט קיין רעכט צו קויפן אַ שקלאף צוליב זיין פערזענלעכן נוצן. די לעצטע גזירה איז געווען די שווערסטע אין דער תקופה, ווו שקלאפן-אַרבעט איז נאָך געווען דער יסוד פון לאנדווירטשאפט און א גרויסער פּראָצענט יידן האָט זיך דעמלט פארנומען מיט לאנדווירטשאפט.

די סינאָדן אין טאָלעדאָ ווערן אַ מין פּאַרלאַמענט פון דעם קאטוילישן שפּאניע און זייערע החלטות קריגן דעם שטעמפּל פון דער קעניגלעכער מאכט.

די איינהייט פון רעליגיע אין שפּאניע איז בהדרגה פארווירקלעכט געוואָרן. די אָרטיקע באפעלקערונג נעמט אָן מאסנוויז דעם קאַטאָליציזם, די אריאנישע כפירה פארשווינדט ביסלעכווייז. פעסט האָבן געהאלטן זייער אמונה נאָר די יידן און דעריבער איז קעגן זיי געוואָרן אָנגעווענדט דער גאנ-

צער האס פון דער קירך; די יידן האָבן געשאפן א רים אין דער נאציאָנאל־רעליגיעזער איינהייטלעכקייט פון דער מלוכה.

דער קעניג סיזעבוט (612—620) האָט פארברייטערט רעקאָרעדס גזירה ווגען שקלאַפן אויך אויף גערונגענע ארבע־טער און אזוי ארום האָט מען אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער יידישער עקאָנאָמיק. דאָס האָט געדארפט זיין א מיטל צו צווינגען די פארמעגלעכע יידן אָנצונעמען די קריסטלעכע אמונה, און עס איז געווען א פאָרשפיל צו נייע פאָליטישע גזירות. אין יאָר 613 האָט סיזעבוט ארויסגעגעבן א באַפעל, אז די יידן וואָס וועלן נישט אָננעמען דאָס קריסטנטום, מוזן פארלאָזן שפאניע. די יידישע לאנדווירטן האָבן נישט געקאָנט פארלאָזן דאָס לאנד און וואנדערן אָן מיטלען צום לעבן, א סך פון זיי האָבן זיך פארמאסקירט, אָנגענומען לפנים דאָס קריסטנטום און אין הארץ און אין שטוב ווייטער געפלעגט די יידישע אמונה. א גרויסער טייל פון די יידן, וואָס האָבן נאָך געהאט א מעגלעכקייט, האָבן פארלאָזט דאָס לאנד און זיך באַזעצט אין די שכנותדיקע מדינות.

די רדיפות קעגן יידן האָבן געדויערט ארום הונדערט יאָר.

די שפּעטערדיקע וועסטגאָטישע מלכים זענען על פּי רוב געווײלט געוואָרן דורך עלעקטאָרן. די הויפּט־ראָל צווישן די עלעקטאָרן האָבן געשפּילט די ביסקופּן, וועלכע זענען געווען תמיד איינשטימיק אין זייערע פּאָליטישע קאָמבינאציעס, אין קעגנזאץ צו די עלעקטאָרן פירשטן, וועלכע זענען געווען אָפט צעקריגט צווישן זיך, אזוי ארום האָט פאקטיש די קירך דעצידירט וועגן דער עלעקציע פון קעניג, און דערמיט איז פארשטענדלעך די וואקסנדיקע השפעה פון די גייסטלעכע, אויף דער מלוכה־אָנפירערשאפט.

די פּאָליטיק לגבי יידן האָבן פעסטגעשטעלט די סינאָדן פון די ביסקיפן אין שפּאניע. אונטער דער פּאקטישער הער־שאפט פון די סינאָדן שאפט זיך אזא געזעצלעכע, עקאָנאָ־מישע און געזעלשאפטלעכע לאגע פאר די יידן, וואָס איר איבערהזרן זיך אין XIV און XV יאָרהונדערט האָט גורם גע־ווען צו דער ענדגילטיקער ירידה פון יידישן שפּאנישן צענ־טער. די החלטות פון די סינאָדן שאפן אויך אַ פּרעצעדענס פאר די שפּעטערדיקע דורות אין דער פראַגע פון די בצוואנג געשמדטע יידן, אזוי גערופענע אנוסים. די קירך האָט גוט גע־ווסט, אַז אַ סך יידן האָבן נאָר לפנים אָנגענומען די אמונה פונעם קרייץ און ווארטן אויף אַ שעת הכושר איבערצוגיין צו־ריק צום יידנטום, דער פערטער סינאָד אין טאָלעדאָ טיילט איין די יידן אויף צוויי קאטעגאָריעס: יידן און נײַ־קריסטן (צווישן וועלכע עס זענען געווען א סך אנוסים). די ערשטע אלם רעכטלאָזע ווערן אָפּגעטיילט פון דער געזעלשאפט. די צווייטע ווערן גענומען אונטער אַ שטרענגער השגחה פון די גייסטלעכע און זייער קירך. דער אכטער און נײַנטער סינאָד לייגט ארויף אויף די פרישע משומדים דעם חוב צו זיין אין קירך בעת די קריסטלעכע חגאות און יידישע ימים־טובים. די געשמדטע יידן טאָרן נישט מאכן קיין חילוק צווישן די מאכלים, צווישן כשר און טריף, זיין נאָרמאל געקליידט אין יידישע ימים־טובים און שבת א.א.וו. ווער עס איז געפאלן אונטער דעם חשד, האָט מען באשטראָפט מיט שמיץ, תפי־סה און עגויים. סיי יידן, סיי אנוסים האָבן געמוזט צאָלן גרע־סערע שטייערן, די רדיפות קעגן די אנוסים האָבן געבראכט נישט וויניק הכנסות זייערע אָרגאניזאטאָרן. די אנוסים פלע־גן זיך מוזן אויסקויפן ביי די מוסרים אויף יעדן שריט און טריט. צום אויסדויערן און איבערהאלטן די דאָזיקע ביטערע

פאַר די יידן ציַיטן האָט טאקע געהאַלפן דער פאקט, וואָס צווי־שן די גייסטלעכע גופא האָבן זיך געפונען א סך שוחד־נעמער, וואָס זייער שנאה צום יידנטום האָט געטראָגן א ריין מאטע־ריעלן כאראקטער. צום גליק פאר די יידן האָט דער וועסטגאָטי־שער טעאָקראטישער רעזשים נישט געהאַט קיין לאנגן קיום. אויפגעטרייסלט פון אינערלעכע מהומות, איז די מלוכה געגאנ־גען אלץ מער בארג אראָפּ. די אוממענטשלעכע רדיפות אויף יידן, וועלכע האָבן אין ווירטשאפטלעכן און קולטורעלן זין געבילדעט א באדייטנדיקן טייל פון דער באפעלקערונג, האָבן געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל אין דער ירידה פון דער מלוכה.

די אומצופרידענע עלעמענטן פון דעם לאנד, צווישן זיי אויך די יידן און אנוסים, האָבן געווענדעט זייערע האָפענונ־גען צו די אראבישע חיילות, וואָס האָבן זיך דערנעענטערט פון צפון־אפריקע צו די גרענעצן פון דעם פירענעישן האלב־אינדזל. די האָפענונגען זענען מקוים געוואָרן אין יולי 711. דער אָנפירער פון די בערבערן — טארוק מיט זיינע חיילות זענען אַריבער דורך דעם דורכגוס פון גיבראלטאר און נאָך דער געווונענער שלאכט ביי כערעס דע לא פראָנטערא איינ־גענומען א גרויסן טייל פון דרום־ און מיטל־שפּאניע, און דערמיט געמאכט א סוף צו דער וועסטגאָטישער ממשלה. אין די רייען פון די בערבערישע חיילות האָט זיך געפונען אַ יידי־שע אָפּטיילונג אונטער דער קאָמאנדע פון קאולאן אל יאהודי. פאַרן שפּאנישן יידישן ישוב הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה, וואָס אין אירע בעסטע יאָרן האָט זיך אנטוויקלט די גאָלדענע צייט פון יידיש־אראבישן רענעסאנס.

# II. דער קולטור-צענטער אין דעם אַראַבישן שפּאַניע

## די פּאָליטישע לאַגע

במשך פון צוויי יאָר האָבן די אַראַבער דעראָבערט כמעט דעם גאנצן פּירענעישן האַלבאינדזל. די ערשטע צוויי הונדערט יאָר פון זייער הערשאפט, פון וועלכע עס זענען געבליבן זייער ווייניק היסטאָרישע שפּורן וועגן יידישן לעבן, קאָן מען האלטן פאר א פּעריאָד פון רעאָרגאניזאציע פון דעם יידישן ישוב, פון אַ צייט פון קומען צו זיך נאָך די רדיפות, פון עקאָנאָמישן און פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכן וווקס.

אין די ערשטע יאָרצענדליקער נאָך דער דעראָבערונג פון שפּאניע דורך די אראבער איז דאָס לאנד געווען אַ טייל פון דער אפריקאנער פּראָווינץ פון דעם קאליפאט פון די אָמאַיאדן אין דמשק. דער הערשער פון דער פּראָווינץ, דער עמיר פון קארואן (צפון-אפריקע), האָט רעגירט אין שפּאניע דורך זיין פארטרעטער אין קאָרדאָווע. כאָטש די הויפּט-נטיה פון אָט די דאָזיקע הערשער איז געווען וואָס מער אויסצופּאַפּן שטייערן פון די אומגלייביקע פון דער פּראָווינץ און צווישן זיי אויך פון די יידן, איז די עקאָנאָמיק פון די לעצטע בהדרגה געוואָקסן. די יידן האָבן באַקומען די פרייהייט פון האלטן זיך ביי דער אייגענער אמונה, פארנעמען זיך מיט ערד-ארבעט, מלאכה, אינדוסטריע און האַנדל.

די נייע מושלים האָבן זיך על פּי רוב פארנומען מיט אדמיניסטראציע און מיליטער-דינסט. אינטערעסאנט איז, אַז די וועסטגאָטן, וואָס האָבן אַזוי אומברחמנותדיק אונטערדריקט די יידן אין נאָמען פון דער אמונה, האָבן נישט אויסגעהאַלטן די ערשטע רדיפות, וואָס עס זענען געוואָרן אָנגע-

וועגדעט קעגן זיי מצד די אראבער און זיי האָבן, צוליבן גע־
ניסן פון פארקלענערטע שטייערן און כדי צו באקומען די
מעגלעכקייט צו זיין מלוכה־באַאַמטע, מאסנווייז אָנגענומען
די מוזולמענישע אמונה (די מוזולמענער האָבן לויטן געזעץ
געצאָלט גלאָבאל נאָר א צענטל פון די הכנסות, און די קריס־
טן און יידן — א פינפטל אָדער א דריטל).

א נייע תקופה איז אַנטשטאַנען פאר שפאניע זינט 756.
דער מזרחדיקער קאליפאט איז אריבער פון די אמאיאדן צו
די אבאסידן. א גליד פון דער אָמאיאדישער דינאסטיע אבדו־
ראכמאן איז אנטלאָפן קיין שפאניע און איז דאָרט פראָקלאַ־
מירט געוואָרן אלס זעלבשטענדיקער „עמיר פון קאָרדאָווע
און שפאַניע". דער עקאָנאָמישער, סאָציאלער, פּאָליטישער
און אָרגאניזאַציאָנעלער מצב פון דעם אראַבישן שפאניע איז
רייף געוואָרן צום גרינדן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. דער צע־
טרייסלטער און צעריסענער פון אינעווייניקסטע סכסוכים
מזרחדיקער קאליפאט האָט זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן.

צו אַ גלענצנדיקער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און קול־
טורעלער מדרגה איז דערגאנגען דאָס אראבישע שפאניע אין
די צייטן פון אבדו־ראכמאן III (912—961), דעם גרינדער
פון דעם קאָרדאָווער קאליפאט. די פאראייניקטע מלוכה פון
אבדו־ראכמאן איז געוואָרן א השפעהדיקע, איינער פון די
רייכסטע און קולטורעלסטע גלידער פון דער אייראָפעישער
פעלקער־משפחה. עס האָט דאָרט געבליט דער האנדל, אינ־
דוסטריע און מלאכה. קאָרדאָווע איז געוואָרן א קולטור־צענ־
טער פון וועלט־מאסשטאב. זי האָט פארמאָגט ארום אַ
1.000.000 איינוווינער, 200.000 הייזער, 600 מיִמשעטן, 50
שפיטאָלן, 80 שולן, 900 בעדער, אן אוניווערסיטעט און אַ
ביבליאָטעק מיט 600.000 פאליאלן. דאָס גאנצע לאנד האָט

פארמאָגט 17 אוניווערסיטעטן און 70 ביבליאָטעקן. דער טיכטיקער פּאָליטיקער און מלוכה־מאַן, אָרגאַניזאַטאָר און ציוויליזאַטאָר אבדו־ראַכמאַן איז געווען טאָלעראַנט לגבי די אַנדערשגלויביקע.

פאַר די יידן, וואָס האָבן מיטגעווירקט יאָרנלאַנג צו שאַפן דעם מצב פון וווילשטאַנד און קולטור־אַנטוויקלונג אין שפּאַניע, איז אַנטשטאַנען די צייט, ווען זיי קאָנען אַרויסטרעטן אַלס אַקטיווער היסטאָרישער כוח. די גוטע מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרן אַ באָדן פאַר דעם אויפבלי פון די גייסטיקע כוחות, פאַר דער אַנטוויקלונג פון וויסן און ליטעראַטור. אַ טייל געלערנטע פון די אַקאַדעמיעס אין בבל טראָגן זיך איבער קיין שפּאַניע און דאָ קאָנטינואירן זיי און אַנטוויקלען די וויסנשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט. עס וואַקסן אויס אויף דעם גייעם באָדן אייגענע געלערנטע, פּאָעטן און פילאָזאָפן. עס איז געבוירן געוואָרן אַ נייער יידישער צענטער, אַ ווירדיקער יורש פון בבל און יהודה.

## חסדאי אבן שפרוט — דער פּאָליטיקער, יידישער מנהיג און מעצענאַט

אויף דעם הויף פון אבדו־ראַכמאַן III האָט געלעבט דער יידישער שטאַטסמאַן חסדאי בן יצחק־אבן שפּרוט (אַן ערך 910—970). צוערשט איז ער געווען דעם קאַליפס הויף־דאָקטער, שפּעטער האָט ער אָנגעפירט מיט די מלוכה־פינאַנסן און לסוף האָט מען אים אָנגעטרויט די אָנפירונג פון דיפּלאָמאַטישע באַציונגען מיט אַנדערע מאָנאַרכן (אַ מין פונקציע פון אויסערן־מיניסטער).

חסדאי, אַ זון פון אַ חשובן מיטגליד פון דער יידישער קהלה אין קאָרדאָווע, האָט געקריגן אַ ברייטע, פאַר יענער צייט, וועלטלעכע בילדונג: חוץ שפראַכן־קענטעניש (העברע־איש, אראַביש, לאַטיין און פאַרשידענע שפּאַנישע דיאַלעקטן) האָט ער גוט געקענט מעדיצין.

אלס דיפּלאָמאַט האָט זיך אים איינגעגעבן אויפצוהייבן דעם פּרעסטיזש פון קאָרדאָווער קאַליפאַט. ער האָט מיט הצלחה פאַרענדיקט די אונטערהאַנדלונגען מיט די קריסט־לעכע שכנים פון צפון — די פירשטן פון לעאָן און נאַוואַרע. ער האָט אָנגעקניפּט פריינדשאַפטס־באַציונגען מיט ביזאַנץ — מיט דעם קיסר קאָנסטאַנטין VII. דער בונד מיט ביזאַנץ איז געווען אַ פּועל־יוצא פון די קעגנזייטיקע אינטערעסן פוןביידע מלוכות אין זייער קאַמף קעגן די אַבאַסידן. קאָנסטאַנ־טין האָט געשיקט דעם קאַליף און זיין שר אַ מתנה, דאָס מעדיצינישע ווערק פון דיאָסקאָרידעס, און חסדאי האָט עס איבערגעזעצט פון לאַטיין אויף אַראַביש. דאָס ווערק האָט אין גאַנצן מיטלאַלטער געדינט אַלע מעדיקער אַלס גרונט־לערנבוך. גרויסע דיפּלאָמאַטישע קונסט האָט חסדאי אַרויס־געוויזן אין די פאַרהאַנדלונגען מיט די שלוחים פון דעם דייט־שישן קיסר אָטאָ I. די דייטשישע כראָניקער גיבן אים פיל שבחים.

דער יידישער שר האָט אויסגענוצט זיינע השפּעות אויפן הויף פון דעם קאַליף, כדי צו אַנטוויקלען די וויסנשאַפט און ליטעראַטור צווישן זיינע פאָלקס־ברידער: ער האָט פאַרלייגט דעם יסוד פאַר יענעם גייסטיקן אויפבלי, וואָס האָט צווישן אַלע יידישע אייראָפּעישע ישובים געשטעלט דאָס שפּאַנישע יידנטום אויפן ערשטן אָרט. לכתחילה פלעגט ער שיקן רייכע מתנות און שטיצע די בבלער ישיבות און פירן אַ רייכע קאָ־

רעספּאָנדענץ מיט די גאונים. ביספּעלסווייז ציט ער איבער קיין קאָרדאָווע א סך געלערנטע. מיט זיין מיטהילף איז אין קאָרדאָווע אויפגעבויט געוואָרן א תלמודישער צענטער און בראש פון אים איז געשטאנען דער בבלער געלערנטער ר׳ משה בן חנוך. דער יידישער היסטאָריקער אבן דאוד (XII י״ה) דערציילט וועגן זיין אָנקומען, אז ער האָט זיך געפונען צווישן פיר געלערנטע פון בבל, וועלכע זענען מיט א שיף געפאָרן זאמלען געלט פאר די בבלער ישיבות. אויפן וועג איז די שיף ארייננעפאלן אין די הענט פון די אראבער, וואָס האָבן זיי פארקויפט פאר שקלאפן אין פארשידענע לענדער. ר׳ משה איז אויסגעלייזט געוואָרן דורך די יידן אין קאָרדאָווע. ער האָט זיך באלד געגעבן צו דערקענען אלס תלמיד חכם, און חסדאי, וואָס האָט געשפילט ביי די יידן א ראָל פון א מנהיג און נשיא, האָט געווירקט, אז מען זאָל אים איבערגעבן דעם אמט פון רב און ראש־ישיבה. אונטער דער אָנפירונג פון רבי משה בן חנוך האָט די ישיבה און דאָס שטודירן דעם תלמוד געבליט אזוי ווי אין די גוטע צייטן אין בבל.

חסדאי איז געווען א ליבהאָבער און מעצענאט פון ליטעראטור און וויסן. אין זיין הויף און אונטער זיין שוץ זענען געווען טעטיק: דער העברעישער פּאָעט און קריטיקער מנחם בן סרוק און דער פּאָעט דונש אבן לברט. דער רעזולטאט פון מנחמס פיליאָריקער ארבעט איז געווען א ווערטערבוך פון דער העברעישער שפּראך אונטערן נאָמער „מחברת“. דאָס איז געווען דאָס ערשטע אנאליטישע ווערטערבוך, וואָס האָט דורכגעלייגט דעם וועג די שפּעטערדיקע פילאָלאָגן. דונש אבן לברט האָט דער ערשטער אַרייננעפירט אין דער העברעישער פּאָעזיע דעם אַראַבישן ריטם און מיט דעם באַרייכערט די פאָרם פון דעם געבינדטן וואָרט, וואָס איז דער־

גאַנגען צו דער העכסטער מדרגה אין די שאַפונגען פון די שפּעטעריקע פּאָעטן אין דער א. ג. גאָלדענער תקופה פון שפּאַנישן יידנטום.

חסדאי האָט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט זיינע דיפּלאָמאַטישע פונקציעס, כדי זיך צו דערוויסן וועגן גורל און מצב פון די יידן אין דער גאַנ־צער וועלט. פאַראינטערעסירט מיט די דערציילונגען פון דעם עלטסטן יידישן געאָגראַף אלדד הדני (ארום 880) האָט חסדאי געוואָלט זיך איבערצייגן וויפל אמת עס ליגט אין דער ידיעה, אז צווישן קאַספּישן און שווארצן ים געפינט זיך אַ יידישע מלוכה פון די כוזרים. חסדאי האָט אָנגעשריבן צום מלך פון די כוזרים א בריוו, אין וועלכן ער דערציילט וועגן מצב פון די יידן אין שפּאַניע און פרעגט זיך אויס וועגן דער לאַגע פון כוזרים און זייער מלוכה. חסדאים בריוו און דער ענטפער, וואָס ער האָט געקריגן געהערן צו די וויכטיקסטע היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן די כוזרים.

## די ירידה פון קאַליפאַט אין קאָרדאָווע, דער עמיראַט אין גראַנאַדע, שמואל הנגיד

אבדו־ראַכמאַנס יורשים האָבן נישט געקאָנט איינהאַלטן די גרויסקייט און שטאַרקייט פון קאַליפאַט צוליב אינערלעכע פּאָליטישע רייבונגען און אויך צוליב די אומאויפהערלעכע מלחמות, וואָס זיי האָבן געמוזט פירן מיט די קריסטלעכע מושלים פון צפון־שפּאַניע. זיי פלעגן אָפט רופן צו הילף די קריגערישע בערבערן פון צפון־אפריקע. די אפריקאַנער מחנות

האָבן זיך צעשפּרייט אין אנדאלוזיע, אַרויסגעשטופּט די פריערדיקע אראבישע מושלים און אויף זייער אָרט אוועקגעשטעלט אייגענע מושלים. דער אָנפירער פון די אפריקאנער, סולייטאן, איז אריין מיט זיין חייל קיין קאָרדאָווע (1013) און זי חרוב-געמאכט. ביי די מהומות האָבן די יידן פיל געליטן. א סך פון זיי האָבן אויסגעוואנדערט פון קאָרדאָווע אין אנדערע שטעט, הויפּטזעכלעך קיין גראנאדע, סעווילע, סאראגאָסע. דער קאָרדאָווער קאליפאט צעפאלט זיך אויף קליינע מלוכהלעך (גראנאדע, טאָליעדאָ, סעווילע, סאראגאָסע א.א.וו.). מחמת דעם זענען אויך די יידישע קהילות צעטיילט געוואָרן צווישן די איינצלנע מלוכות. דער הויפּט-צענטער איז געוואָרן די קהלה אין גראַנאַדע. די יידן האָבן דאָרט געבילדעט דעם גרעסטן טייל פון דער באפעלקערונג. די הויפּטשטאָט פון עמיראט, גראנאדע, האָט געהאט ביי די מוזולמענער דעם שם פון א „יידישער שטאָט". דאָ האָט זיך אין צווייטן פערטל פון XI י"ה באוויזן אַ מאן, וועלכער איז פאר זיינע פאָלקס-ברידער געוואָרן דאָס, וואָס חסדאי אין קאָרדאָווע. דאָס איז געווען ר' שמואל הלוי אבן נגדילא (993—1055) באוווסט אונטערן נאָמען רבי שמואל הנגיד.

א פּליט פון קאָרדאָווע, ווו ער איז געווען אַ תלמיד אין ר' חנוכס ישיבה און האָט אויך שטודירט פילאָלאָגיע, לאָגיק און פילאָזאָפיע, האָט ער זיך באזעצט אין גראנאדע, ווו ער האָט געפירט א קראם. אינגיכן איז ער צוליב זיינע פעיקייטן דאָרטן עולה לגדולה געוואָרן און פארנומען דעם העכסטן פּאָסטן ביי דעם עמיר — דעם אַמט פון וויזיר (דער ערשטער מיניסטער). קרוב 30 יאָר האָט ער אָנגעפירט מיט זיין אמט טראָץ דער גרויסער שנאה און קנאה צו אים מצד די

בערבערישע אריסטאָקראַטן. ער איז אויך אָפטמאָל געווען מיליטער־פירער.

צוגלייך מיט זיין ארבעט אין דער רעגירונג פון דער מלוכה האָט ר' שמואל אויך געטריי געדינט די אינטערעסן פון אייגענעם פאָלק. ער האָט געטראָגן דעם טיטל נגיד (דאָס זעלביקע וואָס נשיא) און אָפיציעל געשטאנען בראש פון די יידישע קהלות אין גראנאדע. פון זיין שוץ האָבן גע־נאָסן אפילו די ווייטע יידישע קהילות אין צפון־אפריקע, בבל און ארץ־ישראל. ער האָט אָנגעהאלטן פארבינדונגען מיט די גרויסע יידישע געלערנטע אין פארשידענע לענדער. אחוץ זיין בקיאות אין תלמוד, האָט ער זיך אויך אויסגעצייכנט אין מאטעמאטיק, אסטראָנאָמיע, געאָמעטריע און לאָגיק, און אין פאָלעמיק האָט ער צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט.

ר' שמואל איז געווען נישט נאָר אַ מעצענאט, ווי חסדאי — ער איז אליין געווען אַ טאַלאַנטפולער פאָעט און פילאָ־זאָף. מען קאָן אים האלטן פאר דעם פאָטער פון דער יידישער וועלטלעכער פאָעזיע אין שפאַניע. אין זיינע לידער באַשרייבט ער פאָליטישע און מלחמה־געשעענישן אָדער פאסירונגען אין פאמיליע־לעבן. באקאנט איז זיין קינה געווידמעט דעם טויט פון לעצטן גאון אין בבל ר' האי. פון די גרויסע ווערק ר' שמואלס זענען באַוווסט דריי ספרים, וואָס זענען אָנגע־שריבן ווי אימיטאציעס נאָך די דריי ספרים פון תנ"ך: בן תהילים, בן משלי, בן קהלת.

רבי שמואל הנגיד איז געשטאָרבן אין יאָר 1055. זיין אָרט אלס ווייזיר פון גראנאדע און ווי אַ נגיד פון יידישן ישוב האָט פארנומען זיין זון יוסף. דער לעצטער האָט אָבער נישט גע־האט די מעלות און פעיקייטן צו רעגירן, ווי זיין פאָטער. מיט זיין גדלותדיקער אויפפירונג האָט ער געוועקט די שנאה פון

זיינע קאָנקורענטן און זיי האָבן אויפגערייצט דעם המון, וועלכער האָט אין יאָר 1066 פּאָגראָמירט די יידן און אים אליין דערהרגעט אין פּאַלאַץ.

## די יידן אין אַנדערע מוזולמענישע מלוכות אין שפּאַניע און אין דער קריסטלעכער קאַסטיליע

אויך אין אנדערע אראבישע מלוכות (סעווילע, סאראַגאָסע) האָבן יידן פארנומען הויכע פּאָסטנס ביז וויזירן און פינאַנס־מיניסטאָרן. דאָס איז געווען א פּועל־יוצא פון דעם אלגעמיינעם פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן כוח, וואָס די יידן האָבן דאָרט געשאפן, נאָענט צום סעווילער הויף איז געשטאנען דער יידישער געלערנטער יוסף אבן מיגש. דער נשיא פון יידישע קהילות אין סעווילע ר' יצחק אבן אלבאליא האָט פארנומען דעם פּאָסטן פון הויף־אסטראָלאָג ביי דעם עמיר פון סעווילע. דער קעניג פון סאראגאָסע האָט ביי זיך געהאט א יידישן וויזיר מיטן נאָמען חסדאי אבא פאדל (1066). אפילו די קריסטלעכע מלוכות, ווו עס האָבן געהערשט די קינדס־קינדער פון די וועסטגאָטישע הערשער, וואָס האָבן אזוי אוממענטשלעך געררודפט די יידן, האָבן גע־עריק אָפּגעשאצט דעם פּאָליטישן כוח, וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר די יידן און צו די דיפּלאָמאַטישע פונקציעס באַנוצט זיך מיט זיי. דער קעניג פון דער פּאַראייניקטער קאַסטיליע (לעאָן, קאסטיליע, גאווארע) האָט זיך אין זיינע דיפּלאָמאַטישע שליחותן באנוצט מיט יידן. דער יידישער דאָקטער עמרם אבן שלביב האָט ביי אים געדינט ווי אן אויפמאָנער

פון ציינז ביי די מוזולמענישע וואסאלן. דער טיכטיקער מלוכה=מאן אלפאנס VI האט נישט געקוקט אויף די אלע אנטי=יידישע געזעצן און אויף די מוסר=ווערטער פון דעם פויפסט און האט זיך נישט ארייגגעלאזט אין קאנפליקטן מיט די יידישע איינוווינער פון זיין לאנד.

אויף דעם אלגעמיינעם מצב פון די יידן אין שפאניע ווייזט אן זייער אנטייל אין דער מלחמה צווישן די חיילות פון קאסטיליע פון איין זייט און די פאראייניקטע כוחות פון די אראבישע מלוכות פון דער צווייטער, זינט דעם יאר 1081. צווישן די חיילות פוןביידע צדדים האבן געקעמפט ארום 40.000 יידן. דער דאזיקער פאקט איז נאך איין באווייז וועגן זייער פאליטישן און עקאנאמישן כוח און ער דערווייטערט דעם געדאנק וועגן עווענטועלן חסד פון די מושלים, וואס האבן זיך גוט באצויגן צו די יידן.

די רייכע יידן האבן געוווינט אין די שענסטע גאסן פון די שפאנישע שטעט. מיט א גוטן געשמאק האבן זיי געבויט הייזער און פאלאצן אין מאוריטאנער סטיל, אפילו בתי=כנסיות זענען געבויט געווען אין דעם זעלבן סטיל, און זיי האבן א סך עלעמענטן פון פיגורן=ארנאמענטיק, וואס דאס איז פארבאטן לויטן יידישן דין. די שפורן פון דער יידישער מאטעריעלער קולטור אין שפאניע קאן מען נאך ביזן הייגטיקן טאג זען אין די איבערגעבויטע נאך 1492 יאר אויף קירכעס בתי=כנסיות אין טאלעדא, קארדאווע. עס איז דעריבער קיין וואנדער נישט, אז די זעלבע צייט (XI — XII י״ה) געהערט צו דער „גאלדענער תקופה“ פון דער יידישער ליטעראטור און וויסנשאפט אין שפאניע.

די רייכע אריסטאקראטיע האט אבער געבילדעט ביי די שפאנישע יידן א מינדערהייט. דאס פשוטע יידישע פאלק

האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט אין לאַנדווירטשאַפט, מלאכה און קליינעם האנדל. צווישן דעם רייכן און אָרעמאַן קלאַס יידן איז אָנגעגאַנגען אַ העפטיקער סאָציאַלער קאַמף, וואָס זיין ווידערקול קאָן מען געפינען אין דער רייכער ליטע־ראַרישער שאַפונג פון די שפאַנישע יידן.

## דער ליטעראַרישער רענעסאַנס

די בשותפותדיקע קולטור־טעטיקייט פון די אַראַבער און יידן איז געווען זייער פרוכטבאַר. עס האָבן אויפגעלעבט די וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, טעאָלאָגיע און פּאָעזיע. די תקופה פון יידיש־אַראַבישע הומאַניזם אין שפאַניע איז געשאַפן געוואָרן מיט פיר הונדערט יאָר פריער פאַר דעם איטאַליענישן רע־נעסאַנס.

אין קעגנזאַץ צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער וויסנ־שאַפטס־שאַפונג, וואָס איז געווען אין דער זעלבער צייט אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד באַגרענעצט צום ריינעם תלמו־דישן יודאיזם, טראָגט די קולטורעלע טעטיקייט פון די יידן אין שפאַניע אויך אַ וועלטלעכן אַלמענטשלעכן כאַראַקטער. אין דער צייט ווען די וויסנשאַפטלעכע יידישע ווערק, און קודם־כל די פילאָזאָפישע, זענען געשריבן געוואָרן דעמלט אין דער אַראַבישער שפראַך (אַזוי ווי אין די צייטן פון יידיש־העלעניסטישן רענעסאַנס אין אַלעקסאַנדריע — גריכיש), אַנטשטייט אַ גראַנדיעזע אין דער פאָרם און אינהאַלט פּאָע־זיע אין העברעיש, וואָס מען קאָן זי כאַראַקטעריזירן אַלס גלייכער המשך פון דעם תנ"כישן גייסט און קונסט פון וואָרט.

צווישן די שווין אויבנדערמאָנטע אנזאָגער פון דער נייער אויפלעבונג פון דער יידישער קולטור און וויסן (מנחם בן סרוק, דוניש אבן לברט און שמואל הנגיד) איז כדאי צו דערמאָנען די גרויסע גראמאטיקער יהודה חיוג׳ (כאַיודזש), וואָס האָט איינגעשטעלט א כלל, אז די העברעישע שרשים באשטייען געוויינלעך פון דריי אותיות, און דעם מחבר פון „ספר השרשים“ און „ספר הרקמה“ (א העברעיש ווערטערבוך און גראמאטיק) — יונה מרינוס אָדער אבן ג׳נאח (דזשאנאך).

אויך אויפן געביט פון דער תלמודישער לערע האָבן זיך אין דער צייט באוויזן גדולי הדור. צו זיי געהערט רבי יצחק אלפסי (1013—1102) און זיינע תלמידים, און אויך דער פיטן און תלמודישער געלערנטער רבי יצחק אבן גיאת. דאָס גרעסטע ווערק פון ר׳ יצחק אלפסי „הלכות“, וואָס ווערט מיט רעכט אָנגערופן „קצור התלמוד“, האָט מען אין די שפּעטערדיקע צייטן אָנגעהויבן פאָרשן און שרייבן צו אים פרושים צוגלייך מיטן פולן תלמוד בבלי.

גלייכצייטיק אַנטוויקלט זיך די פילאָזאָפיע. ר׳ בחיי אבן פקודה האָט ארום 1040 י. געשאפן דעם פּאָפּולערן מוסר־ספר „חובות הלבבות“, אין וועלכן ער באמיט זיך צו פארבינדן די עטיק פון יהדות און איין פעסטן סיסטעם מיט דער רעליגיע.

די אלע אויבנדערמאָנטע געלערנטע האָבן אויך לויט דעם שטייגער פון געבילדעטע מענטשן אין יענער צייט געשריבן פיוטים (רעליגיעזע ליריק).

צווישן דער גאנצער פלעיאדע פיטנים האָט זיך געלאָזט הערן די צאַרטע און רייפע שטים פון דעם גרויסן פּאָעט — אבן גבירול.

## רבי שלמה אבן גבירול (אן ערך 1020—1070)

אבן גבירול — איינער פון די גרעסטע פּאָעטן און פילאָ־זאָפן פון דער שפּאנישער רענעסאַנס־תקופה, איז געבוירן געוואָרן אין מאלאגע, ווו עס האָבן זיך באזעצט זיינע עלטערן נאָכן פאלן פון קאָרדאָווע (1013). ער איז פאריתומט געוואָרן אין די יונגע יאָרן און געליטן צער און נויט. אלס יונגער־מאן האָט ער זיך צוגעבונדן צו א חבר און מעצענאט ר' יקו־תיאל הסאן, וואָס איז געוואָרן זיין ידיד און באשיצער. א געווימע צייט האָט ער געלעבט אין דעם הויף פון שמואל הנגיד און מסתמא אויך דאָרט געליטן פון די הויף־אינטרי־געס. די אלע איבערלעבענישן און איבערהויפּט דער טראַ־גישער טויט פון זיין ידיד און מעצענאט ר' יקותיאל, וואָס איז געפאלן א קרבן פון די מהומות אין סאראגאָסע, האָט גורם געווען דערצו, אז דאָס געמיט און די לירע פון גבירול איז געווען טרויעריק און וויינענדיק.

די פּאָעזיע פון אבן גבירול איז א פארשידנארטיקע. ער שאפט וועלטלעכע לידער, הימנען, עלעגיעס, קינות און סלי־חות. זיינע לידער זענען פול מיט ליריק. ווען ער באשרייבט דאָס אייגענע לעבן און די סביבה, דריקט ער אויס זיינע גע־דאַנקען, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט צער און ווייטיק, מיט איינזאמקייט און פעסימיזם, אָבער ווען ער גייט איבער צו די אלמעכטשלעכע פראגן זינגט ער שבחים פאר דער הש־גחת הבורא. צו די באקאנטסטע לידער זיינע געהערן: דער הימן „כתר מלכות“ אוז די פּאָפּולערע תפילות: „אדון עולם“, „יגדל“, שחר אבקשני“ און פיוטים, וואָס פיל פון זיי זענען געוואָרן ארייגענומען אין די יום־טובדיקע מחזורים. זיינע שירי קודש, ווי אויך די ווייניק פּאָפּולערע שירי חול

זענען געשריבן אין א גלענצנדיקער פאָרם און אין א רייפער העברעישער שפּראך. צו א הויכער מדרגה זענען אויך דער־גאנגען זיינע קאָמבינאציעס פון דער אַראַבישער מעטריק, מיט וועלכער ער האָט זיך באנוצט אין דער פּאָעזיע.

דער פילאָזאָף אבן גבירול איז באקאנט אלס מחבר פון דעם עטישן ווערק „מבחר הפנינים“ און „מקור החיים“ („Fons Vitae“). „מקור החיים“ (דער קוואַל פון לעבן) איז געווען זייער פּאָפּולער אין די קרייזן פון קריסט־לעכע פילאָזאָפן פון מיטלאלטער. דער נאָמען פון דעם מחבר איז פארצייכנט געווען אוויצעבראָן און ערשט אין דער מאָ־דערנער צייט האָט מען אידענטיפיצירט אוויצעבראנען מיט אבן גבירולן. אין די פילאָזאָפישע שיטות איז אבן גבירול א נעאָפּלאטאניקער און שטיצט זיך אויף פילאָן דעם אלעקסאנ־דערס ווערק. ער שטרעבט אין זיינע ווערק (און אויך אין דער פּאָעזיע) משלים צו זיין פּלאטאָנס שיטות וועגן די אי־דעען מיט די יסודות פון דער יידישער אמונה. איינצייטיק איז ער א פּאָרגייער פון פּאנטעיזם.

## די יידן אין שפּאַניע אין לעצטן יאָרהונדערט פון דער מוזולמענישער העגעמאָניע

### דער המשך פון דעם רענעסאנס

אין סוף פון דעם עלפטן יאָרהונדערט, אין די צייטן ווען עס האָבן געצויגן גאנצע מחנות, כדי צו „באפרייען דאָס היי־ליקע לאנד פון די אומגלייביקע“, האָבן אויך די זעלבע עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע סיבות גורם געווען אַז די צפון־שפּאַ־נישע קריסטלעכע מלוכות האָבן געקריגן שטיצע פון דעם

פראנצויזישן ריטערטום און מיט זיין הילף ביסלעכווייז גע־
דריקט די מוזולמענער אויף דרום.

אין יאָר 1085 איז דעם קעניג פון דער פאראייניקטער קאסטיליע, נאווארע און לעאָן, געלונגען איינצונעמען טאָ־לעדאָ און פון דעמלט אָן ווערט זי די הויפטשטאָט פון דעם קריסטלעכן שפאניע. די דרום־שפאנישע מוזולמענישע מלוכהלעך מוזן זיך ווענדן צו פרעמדע כוחות, כדי אויסצו־האלטן דעם דרוק פון די קריסטלעכע כוחות. זיי רופן צו הילף די קריגערישע אלמאראווידן פון צפון־אפריקע, וועלכע באלעבאטעווען אין לאנד אויף א בארבארישן אופן און רייסן איבער אויף א געוויסער צייט זיין עקאָנאָמישן און קולטו־רעלן וווקס. מיט פופציק יאָר שפעטער, בעת דעם צווייטן קרייצצוג, קומען אָן קיין שפאניע פון אפריקע די נאָך מער פייערדיקע פאנאטיקער פון איסלאם, די אלמאהאדן און אָנ־געהויבן ארויסשטופן די אלמאראווידן. זיי האָבן חרוב גע־מאכט א סך שטעט, צווישן זיי אויך קאָרדאָווע, פארברענט קירכעס און בתי־כנסיות (1148).

אין די צייטן פון די מהומות־יאָרן וואנדערן די יידן ארי־בער קיין צפון־שפאניע. עס טראָגט זיך אריבער דער יידי־שער צענטער אין שפאניע פון אראבישן טייל אין קריסט־לעכן. די קריסטלעכע מושלים פון קאסטיליע, אראגאָן און נאווארע זענען פאראינטערעסירט אין דער שטיצע פון יידי־שן קאפיטאל און קולטורעלע כוחות און גאראנטירן אפיציעל פאַר די יידן שוץ אין זייערווירטשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן און זייער זעלבסטפארוואלטונג.

נאָך די יאָרן פון אינערלעכע אַנאַרכיע האָט נאָך דער אלמאהאדישער קעניג אן נאסור (1199—1214) געפרוווט צו פארשטארקן די מוזולמענישע מלוכה מיט א קריגס־מארש

קעגן קאסטיליע. זיינע חיילות האָבן אָבער געליטן אַ מפּלה אין דער שלאכט ביי נאוואס דע טאָלאָסא (1212) און פון דעמלט אָן ווערט די ממשלה פון די מוזולמענער אלץ מער קלענער און עס ענדיקן זיך די יאָרן פון זייער אויבערהערשאפט אין שפאניע.

כאָטש דער יידישער צענטער האָט זיך איבערגעטראָגן אויף צפון, הערשט ווייטער אין אים אין די קולטור פון אראביש־יידישן רענעסאנס. די יידישע גייסטיקע טוער און שעפער דענקען און שרייבן ווייטער אראביש. מען פילט נישט אָפּ אין זייער שאפונג קיין דאמינירנדיקע השפעה פון דער מערב־קולטור פון מיטלאלטער און פון יידישן תלמודיזם אין פראנק־רייך־דייטשלאנד. אין די מער גינסטיקע צייטן אין דרום־ און נאָך מער אין צפון־שפאניע ווערט פארגעזעצט און דערגייכט אין דער צייט צו דער העכסטער מדרגה דער המשך פון דער „גאָלדענער תקופה“.

## די העברעישע פּאָעזיע און פילאָזאָפיע אין XII י״ה

ר׳ משה אבן עזרא (אן ערך 1070—1138). געשטאמט האָט ער פון דער מיוחסדיקער משפחה עזרא פון גראנאדע, אין די יונגע יאָרן האָט ער שטודירט אין דער בארימטער ישיבה פון לוסענע ביי דעם פיטן און געלערנטן רבי יצחק אבן גיאת. ער האָט אויך באקומען די געהעריקע בילדונג אין פילאָזאָפיע און שפראך־קענטעניש (אראביש, גריכיש־רוימישע ליטעראטור). אין זיינע פריע שירים, וואָס זענען געשריבן אין העברעיש מיט דער אראבישער מעטריק, ווייזט ער ארוים לירישע נטיות. ער שרייבט פאַרבנרייכע שירים

וועגן דער נאטור, ליבע, פריידן און ליידן פון דער יוגנט. אין די שפעטערע יאָרן קומט פאָר אן איבערברוך אין זיין לעבן צוליב זיין נישט דערפאָלגרייכער ליבע צו א פרוי: ער האָט זיך פארליבט אין זיין פלעמעניצע און איר פאָטער האָט נישט דערלאָזט צו דעם שידוך. צוליב דעם פאַרלאָזט ער זיין וווינ־אָרט און איז נע־ונד אין קאסטיליע. צוליב פערזענלעכע און נאציאָנאלע צרות בלייבט ער אן איינזאמער דאָס גאנצע לע־בן. ער הייבט אָן שרייבן וועגן דעם „הבל הבלים“ פון דער וועלט, פאלט אריין אין א מרה־שחורה און מיסטיק און גייט אריבער צו דער רעליגיעזער פאָעזיע. ער האָט מחבר געווען הונדערטער תפילות און סליחות. ער איז געווען דער גרעס־טער מייסטער אויפן געביט פון ליטורגיע און דערפאר האָט ער געקריגן דעם צונאָמען „הסלח“. זיינע אי־בעריקע שירים זענען פארבליבן אין צוויי זאמלונגען „תר־שיש“ און „דיוואן“. אין די זאמלונגען געפינט זיך די פאָע־טישע קאָרעספּאָנדענץ צווישן אים און ר' יהודה הלוי, דעם גרעסטן פאָעט פון יענער צייט, מיט וועמען ער איז געווען באפריינדעט. משה אבן עזרא האָט אויך געשריבן אראבישע שירים און חיבורים וועגן פילאָזאָפיע, ווען ר' יהודה האָט זיך דערוווסט וועגן אבן עזראס טויט, האָט ער אים באוויינט א'ן איינער פון זיינע בעסטע עלעגיעס („עלי בזאת תבכינה שאנ־נות“): „די שטאָלצע קרוין פון שפאניע — ווי איז זי פון קאָפּ אראָפּגעפאלן!... משה, משה, ברודער מייניער, ליכטי־קייט מיינע, מיין פירגדיקער שטערן פון די פריסטע יאָרן“...

**ר' יהודה הלוי** (געב. ארום 1085 אין טאָלעדאָ).

ווען דעם גאון פון דער העברעישער פאָעזיע ר' יהודה בן שמואל הלוי האָט זיך אין 19 י"ה היינריך היינע אויסגע־דריקט, אז „ער איז געבוירן געוואָרן פון גאָטס קוש“. ער

איז געווען דער אמתער יורש פון דער לירע פון די נביאים און מחברים פון תהילים.

דער „אדון המשוררים", ר' יהודה בן שמואל הלוי איז געבוירן געוואָרן אין קריסטלעכן טאָלעדאָ. אין זיין פריער יוגנט איז ער אוועק קיין דרום אין דעם אראבישן שפאניע און דאָרט שטודירט אין אלפסים ישיבה און באקומען א וויסנשאפטלעך-פילאָזאָפישע בילדונג. ער האָט דאָרט אויך שטודירט מעדיצין, און קומענדיק צוריק קיין טאָלעדאָ, ווו ער האָט התונה געהאט, האָט ער מפרנס געווען זיין משפחה פון דער מעדיצינישער פראקטיק. שפעטער באגעגענען מיר אים ווידער אין דעם אראבישן שפאניע, אין קאָרדאָווע.

אין די יונגע יאָרן האָט זיך ר' יהודה געשפילט מיט זיין מוזע, געזונגען שירי אהבה, שירי יין און ידידות (לידער וועגן ליבע, ווין און פריינדשאפט). ער איז אויך דער מייס-טער פון נאציאָנאלער פאָעזיע און ספעציעל פון דער נאציאָ-נאלער עלעגיע. דער לייטמאָטיוו פון די דאָזיקע לידער זיינע איז דער שווערער מצב פון די יידן צווישן אדום (קריסטן) און ישמעאל (מוזולמענער).

די שטארקסטע פון ר' יהודה הלוים נאציאָנאלע עלעגיעס זענען ציון-לידער, ווו ער גיסט אויס זיין פלאמענדיקע בענק-שאפט נאָך דער אלטער היים פון ישראל און דער חרובער שטאָט ציון.

אין זיינע עלטערע יאָרן איז טאקע ר' יהודה הלוי נאָכ-געגאנגען זיין בענקשאפט, פארלאָזט זיין משפחה און פריינד און געלאָזט זיך אין וועג קיין ארץ-ישראל, פאָרנדיק אויף דער שיף האָט ר' יהודה אָנגעשריבן זיינע בארימטע שירי-ים (ים-לידער), וואָס געהערן ביזן היינטיקן טאָג צו די שענסטע אין דער וועלט-פאָעזיע. ס'זענען פאראַן היסטאָרישע שפורן

פון זיין ווײלן אין מצרים און אין דמשק און דאָרט רייסן זיך אָפּ די ידיעות וועגן אים. די לעגענדע האָט באצירט זיין טויט מיט א באשרייבונג וועגן זיין אָנקום קיין ירושלים, לויט איר זאָל ר׳ יהודה, דערזעענדיק די חרובע שטאָט, פאלן אויף דער ערד, קושן און באוויינען זי מיט זיין שענסטן ליד: „ציון הלא תשאלי״. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען א ריטער און אים צעטראָטן אונטער די טלאָען פון זיין פערד.

די דאָזיקע עלעגיע לייענט מען ביז דעם היינטיקן טאָג צוגלייך מיט איכה אין די שולן אין תשעה באָב.

אחוץ הונדערטער שירי קודש און שירי חול האָט ר׳ יהודה אונדז אויך איבערגעלאָזט א פילאָזאָפיש ווערק א. נ. „הכוזרי״. דאָס איז אן אפּאָלאָגיע פון יידנטום און פון דער דערניידעריקטער נאציע. לויט אים איז דאָס יידישע פאָלק דאָס הארץ פון די פעלקער, און ווען דאָס גאנצע לייב ליידט פילט עס אָפּ צוממיינסטן דאָס הארץ. די גרעסטע מדרגה פון דערקענען איז די אמונה און נישט דער שכל. אין זיין ווערק האלט זיך ר׳ יהודה הלוי ביי די פלאטאָנישע שיטות.

## ר׳ אברהם אבן עזרא (1092—1167).

דער דריטער גרויסער פּאָעט און געלערנטער פון יענער תקופה. ער איז געווען א פילאָזאָף, א מפרש, א קריטיקער, אַ מדקדק, אן אסטראָנאָם און מאטעמאטיקער און אין די אלע געביטן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט א גרויסן טאלאנט.

ער איז געבוירן געוואָרן אין טאָלעדאָ, געוווילט א לענגערע צייט אין דרום-שפּאַניע און נאָכהעם ארומגעוואַנדערט איבער דער וועלט: באזוכט מצרים, בבל, ארץ-ישראל, גע-

ווינט אין רוים און אין אנדערע איטאליענישע שטעט ארום 15 יאָר. קיין באשטימטע פראָפעסיע האָט ער נישט געהאט און געוווען א לא־יצלח אין די פראגן פון ציען זיין קנאפּע חיונה. אין איינעם פון זיינע שירים באקלאָגט ער זיך אויף זיין גורל, זאָגנדיק: „ווען איך וואָלט געהאנדלט מיט תכרי־כים, וואָלט מסתמא קיינער נישט געשטאָרבן; וואָלט איך פאַרקויפט ליכט, וואָלט די זון נישט אונטערגעגאנגען ביז מיין טויט". א טרויעריקע געשעעניש האָט פארפינצטערט די לעצטע יאָרן פונעם שרייבער: זיין זון יצחק איז אוועקגע־פאָרן קיין באגדאד און דאָרט אָנגענומען דעם איסלאם. דער פאַרביטערטער פאָטער באוויינט זיין „טויטן" זון אין צוויי שירים.

אין דער פּאָעזיע אחוץ אין שירי קודש איז ר' אברהם אבן עזרא בארימט מער אלס מחבר פון הידות (רעטענישן), שאראדן און עפּיגראַמען. די לידער זיינע זענען מער גע־שריבן מיטן שכל, ווי מיטן געפיל. מען קאָן אים אָבער בא־צייכענען אלס מייסטער פון דער פאָרם און אלס אזעלכן האָ־בן אים אָנערקענט זיינע בני דור. עס איז פאראַן א דערציי־לונג, וואָס אונטערשטרייכט זיין טאלאנט אויף דעם געביט. ר' יהודה הלוי האָט אָנגעשריבן א ליד מיט אן אקראָסטיכאָן (די פראזן האָבן זיך אנגעהויבן לויט דעם אלף־בית) און ס'האָט געפעלט די פראזע מיט א ריש. איינפהייבנדיק זיך פונעם שלאָף האָט ער באמערקט, אז די פראזע איז אויסגע־שריבן. האָט ער דעמלט אויסגערופן: „דאָס האָט נאָר גע־קאָנט מאכן אָדער א מלאך אָדער ר' אברהם אבן עזרא".

אלס פילאָזאָף האלט זיך דער ראב"ע (ר' אברהם אבן עזרא) אין א מין קאָמבינאציע פון אריסטאָטעלישע, פלאַ־טאָנישע און פיטאגאָרישע שיטות. על פי רוב גייט ער נאָך

דעם ראציאָנאליזם. זיין הויפּט־ווערק איז דער פּירוש צום תנ״ך, וואָס איז ביז דעם היינטיקן טאָג געדרוקט ביי דעם טעקסט, גלייך ווי דער פּירוש פון רש״ין. אין זיינע חיבורים „צחות“, „שפה ברורה“ און „מאזנים“ האָט ער פּאָפּולאַריזירט די ידיעות פון דער גראַמאַטיק.

יהודה אלחריזי (אין ערך 1165—1225) — דער לעצטער פּאָעט פונעם רענעסאנס. מען קאָן אים האלטן פאר אן עפּיגאָן פון די גרויסע פּאָעטן, פּונקט ווי דער ראב״ע האָט אלחריזי ארומגערייזט איבער דער וועלט. ער האָט אויך באַזוכט מצרים, בבל, ארץ־ישראל, געוווינט אין דרום־פראנקרייך (פּראָוואנס) און דאָרט געשאפן זיינע ווערק. אָנגעהויבן האָט ער זיין שאפונג פון איבערזעצונגען. ער האָט איבערגעזעצט אויף העברעיש די ווערק פון אראבישע און גריכישע שרייבער. אין זיין אייגענעם ווערק „תחכמוני“, וואָס איז אַ זאַמלונג פון געגראַמטע נאָוועלן, לויט דעם מוסטער פון די דורך אים איבערגעזעצטע מאקאמען (נאָוועלן) פון אראבישן פּאָעט אל חארירי, דערציילט אלחריזי וועגן זיינע וואָגלעניש און טרעפענישן אין פארשידענע לענדער. צווישן אנדערן גיט דער פּאָעט טרעפלעכע כאראקטעריסטיקעס פון די גדולים פון יענער צייט — אבן גבירול, יהודה הלוי, משה אבן עזרא און אנדערע.

די פּאָעטישע שאפונג פון אלחריזי באצייכנט דעם אָנהייב פון דער ירידה פון דער „גאָלדענער תקופה“.

## די געלערנטע און דענקער
## פון דער „גאָלדענער תקופה".

ר' אברהם בר חייא (געשטאָרבן 1136). וועגן זיין לעבן איז באוווסט נאָר דאָס, אז ער האָט פארנומען אן אָנגעזעע־נעם פּאָסטן ביים הויף פון א מוזולמענישן מושל אין שפּאניע און שפּעטער האָט ער געלעבט אין בארצעלאָנע, ווו ער איז געווען דער ראש פון דער דאָרטיקער קהלה. ער איז בארימט געוואָרן דורך זיינע ווערק אין מאטעמאטיק, אסטראָנאָמיע און קאלענדאר־וויסנשאפט.

צו אונדז זענען דערגאנגען: זיין חיבור וועגן אסטראָנאָ־מיע א.ג. „צורת הארץ", א חיבור וועגן לוח („ספר העיבור") און א בוך וועגן געאָמעטריע און ערד־מעסטונג („ספר התש־בורת"). בן חייא האָט זיך אויך פארנומען מיט אסטראָלאָ־גיע און געפירט אויף איר סמך חשבונות וועגן ביאת המשיח. אין זיין קליינעם פילאָזאָפישן חיבור „הגיון הנפש" זאָגט ער ארויס א ריי ניכטערע געדאנקען, געשטיצטע אויף אריסטאָ־טעלעס עטיק און פּלאטאָנס „פעדאן".

אברהם אבן דאוד (1110—1180) — דער פּאָפּולער־סטער היסטאָריקער פון זיין צייט. אויפן סמך פון „אגרת ר' שרירא הגאון", דעם פאָרוואָרט צום תלמוד פון שמואל הנגיד, און שטיצנדיק זיך אויף דער מינדלעכער טראדיציע האָט אבן דאוד געשאפן א היסטאָריש ווערק „ספר הקבלה" (דאָס בוך פון דער טראדיציע) אָדער „דורות עולם", אין וועלכן ער באשרייבט די קייט פון דער יידישער געשיכטע פון די נביאים ביז זיינע צייטן.

דער הויפט־ציל פון זיין בוך איז געווען צו באווייזן די קאראימישע אָפּאָנענטן, אז די יידישע מסורה געפינט אירע

קוועלן צוגלייך מיט די הייליקע שריפטן און דער נביאישער אנטפלעקונג פון יידישן גייסט און אירע אמתע יורשים געפינען זיך אין דעם יידישן שפאניע, וואס האבן זיי איבערגענומען פון בבל. אחוץ דעם אויבנדערמאנטן ווערק האט נאך אבן דאוד אנגעשריבן: „זכרון דברי רומי“ (די געשיכטע פון רוים פון ראמולוסן ביז דעם וועסטגאטישן קעניג רעקארעדס צייטן) און „דברי מלכות בית שני“ (די געשיכטע פון יהודה פון עזרא און נחמיהס צייטן ביז צום חורבן), געשטיצט אויף דעם „יוסיפון“ — די פאפולערע באארבעטונג פון יוסף פלאוויוס „קדמוניות“.

בנימין פון טודעלא — דער באקאנטער געאגראף, רייזנדער און עטנאגראף פון XII י"ה. אין 1160 י. האט ער זיך אוועקגעלאזט פון סאראגאסע אויף א לאנגער רייזע איבער דער גאנצער דעמלט באוואוסטער וועלט. ער האט באזוכט פראנקרייך, איטאליע, גריכנלאנד, די אינדזלען פון עגעישן ים און פון דארט אריבער קיין אזיע, וווּ ער האט ארומגערייזט איבער סיריע, ארץ-ישראל, בבל, פערסיע און אראביע. צום סוף דורך מצרים און צפון-אפריקע זיך אומגעקערט קיין שפאניע אין יאר 1173. די איינדרוקן פון זיין נסיעה האט ער באשריבן אין זיין בוך „מסעות בנימין“. ער דערציילט וועגן די לענדער און זייערע יידישע קהילות, ברענגט ידיעות וועגן דער צאל יידישע איינוווינער און אנגענומענע מנהגים און מידות, וועגן ארטיקע מסורות, בנינים, מאנומענטן א.א.וו. ער באשרייבט אלץ וואס ער האט אליין געזען און וואס מען האט אים דערציילט. צוגלייך מיט אלע מיטלאלטערלעכע שרייבער קאן ער נישט אונטערשיידן אמתע פאקטן פון אויסגעטראכטע מעשיות און דערפאר טרעפט מען אין זיין ווערק געבן וויכטיקע זאכן אויך פאנטאזיעס. די

באשרייבונגען פון ר׳ בנימין האָבן א גרויסן ווערט נישט בלויז פאר דער געשיכטע פון יידן, נאָר אויך פאר דער געאָגראפיע און עטנאָגראפיע פון מיטלאלטער.

## די משפחה קמחי און אבן תבון

אין די צייטן, ווען דער יידישער צענטער האָט זיך אריבערגעטראָגן פון מוזולמענישן שפאניע אין דעם קריסטלעכן, איז דער ליטעראַרישער רענעסאנס אריינגעדרונגען קיין דרום־פראנקרייך (פראוואנס), וואָס איז געווען פאָליטיש פארבונדן מיט קאסטיליע און נאווארע. אין געביט פון לערנען תלמוד זענען די דאָרטיקע געלערנטע געווען אונטער דער השפעה פון די צפון־פראַנצויזישע בעלי־תוספות און אין געביט פון די פרייע וויסנשאפטן און פילאָזאָפיע האָבן זיי זיך געשעפּיזט פון די שפאנישע שכנים. עס האָט זיך דאָרט אויסגעבילדעט א גאנציע פלעיאדע פארשפרייטער פון די אידעען פון דער שפאנישער שול. צווישן זיי זענען די בארימטסטע געווען די בני קמחי און בני תבון. ר׳ יוסף קמחי (געשט. ארום 1170) האָט איבערגעזעצט פון אראביש אויף העברעיש אבן פקודהס ווערק „חובות הלבבות“. זיין זון דוד קמחי (רד״ק) האָט אָנגעשריבן א פּאָפּולערע העברעישע גראמאטיק און ווערטערבוך און אויך א גראמאטיקאלישן פירוש צו פארשידענע ספרים פון תנ״ך.

ר׳ יהודה אבן תבון (1120—1190) האָט איבערגעזעצט פון אראביש אויף העברעיש דאָס ווערק פון ר׳ סעדיה הגאון „אמונות ודעות“, אבן גבירולס ספר „תיקון מידות הנפש“ און ר׳ יהודה הלוים „כוזרי“.

ר׳ שמואל אבן תבון (1150—1230), א מעדיציינער, פרשן און פילאָזאָף, א גרויסער אָנהענגער פון דעם רמבם, מיט וועמען ער האָט געפירט א ברייטע קאָרעספּאָנדענץ, האָט איבערגעזעצט פון אַראביש אויף העברעיש דעם רמבמס ווערק „מורה נבוכים“.

## רבי משה בן מימון [דער רמבם] (1135—1204)

די עפּיטאַפּיע אויף זיין מצבה אין טבריה שפּיגלט ריכטיק אָפּ די ראָל און באדייט, וואָס ער האָט געהאט פאר זיין צייט און שפּעטערדיקע דורות: „ממשה עד משה לא קם כמשה“ (פון משה ביז משה איז נישט געבוירן געוואָרן אזוינער ווי משה). ער איז געווען נישט נאָר בלויז א געלערנטער און פילאָזאָף, נאָר אויך דער גייסטיקער אָרגאניזאטאָר פון יידנטום. אים איז געלונגען צו פאַרבינדן די יסודות פון דער תורה שבכתב מיט דער תורה שבעל־פה און ער האָט געשטרעבט צו געבן דעם סך־הכל פון דער שאפונג פון טויזנטער יאָרן. ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו שאפן א סינטעז צווישן דער אמונה און שכל, צו שטארקן די גאציע דורך דער דיסציפּלין פון באוווסטזיניקן גלויבן און פרייען געדאנק. ער איז אין תוך געווען א ראציאָנאַליסט. זיינע אידעען האָבן באאיינפלוסט און אויפגעוועקט פון פאַרשטיינערטן שלאָף פון סכאָלאסטיק די שיכטן, וואָס האָבן געפילט אין XVIII—XIX יאָרהונדערט דעם דראנג צו רעפאָרמען און אייראָפּעיזאציע, צו לייגן אַ גרונט פאר מאָדערנעם יידנטום. כמעט יעדער משכיל אין מזרח־אייראָפּע האָט אָנגעהויבן זיין נייעם וועג פון רמבמס „מורה נבוכים“.

דער רמבם אָדער מײמאָנידעס איז געבוירן אין קאָרדאָװע אין די צײטן, װען עס האָבן נאָך דאָרט געהערשט די אַל־מאַראַװידן. אין זײן יונגנט האָט ער זיך באַלד קונה־שם געװען אַלס חריף סײ אין יודאיסטיק און סײ אין װעלטלעכן װיסן. אין 1148 איז גאָרדאָװע דעראָבערט געװאָרן דורך די אַל־מאהאדן, װעלכע האָבן דאָרט געבושעװעט, פֿאַרברענט שולן, פּאָגראָמירט די יידישע באַפעלקערונג און געצװונגען צו שמד. דער רמבם מיט זײן משפּחה (פֿאָטער און ברודער) זענען אַנטלאָפֿן פֿון דאָרטן און נאָך שװערע ענוײים געקומען קײן ארץ־ישראל. דאָרט איז געבליבן װײנען דער פֿאָטער, און ר׳ משה מיט זײן ברודער זענען אַריבערגעפֿאָרן קײן קאיר אין מצרים. דאָ האָט דער ברודער דוד געצויגן פּרנסה פֿון מסחר מיט אײדלשטײנער און ר׳ משה איז געזעסן על תורה ועל עבודה. באַלד איז אָבער דער ברודער אומגעקומען אין װעג קײן אינדיע, און ר׳ משה האָט געמוזט פֿאַרדינען אַלס מעדיקער. ער װערט באַרימט אַלס דאָקטער און באַקומט דעם הויכן פּאָסטן אַלס לײב־דאָקטער בײ דעם סולטאַן סאַלאַח־אַד־דין (סאַלאַדין). אין דער זעלבער צײט שטײט ער בראש פֿון דער קאירער קהלה און דערנאָך איז ער אָפֿיציעל אָנער־קענט געװאָרן פֿאַרן „נגיד״ פֿון די מצרישע יידן און באַלד װערט ער מפֿורסם אין דער גאַנצער יידישער װעלט. זײנע תשובות (אגרות) זענען געװאָרן אָנגענומען װי פּסקים פֿון דעם העכסטן אויטאָריטעט.

נאָך 70 יאָר פֿון אָרבעטסזאַמען און פּרוכטבאַרן לעבן איז רמבם נפֿטר געװאָרן דעם 20 טבת (13 דעצעמבער) 1204. אַלע יידן האָבן אים באַװײנט װי אײנעם פֿון די גרעסטע מנ־היגים פֿונעם פֿאָלק. לויט דער מסורה איז ער נקבר געװאָרן אין טבריה.

אין עלטער פון 23 יאָר, זייענדיק נע־ונד, האָט דער רמבם אָנגעהויבן צו שרייבן דעם פּירוש צו דער משנה (אין דער אַראַבישער שפּראַך). אין דעם פּירוש פאַרלייכטערט ער דאָס לערנען די משנה און דאָס פאַרשטיין דעם פּסק אָן די פּלפּולים.

אין דעם פּירוש אויפן לעצטן פּרק פון דער מסכתא סנהדרין האָט דער רמבם אַנטוויקלט זיין שיטה וועגן תחית המתים און השארת הנפש. ער מרעט ארוים קעגן די, וואָס פארקריפּלען די באַגריפן. ער נעמט נישט עולם הבא ווערט־לעך. לויט אים באשטייט עולם הבא אין גייסטיקער השתל־מות פון דעם מענטשן ביז צו דער העכסטער מדרגה. אין דעם זעלביקן אָרט האָט דער רמבם אריינגעשטעלט זיינע באַרימ־טע 13 עיקרים. דאָס זענען די 13 „אני מאמינם“, וואָס די יידן זאָגן יעדן טאָג ביים דאַווענען. אין פּירוש צו פּרקי־אבות פאַרנעמט זיך דער רמבם מיט עטישע פראַגן און מאָראַל.

דאָס צווייטע פון די וויכטיקסטע רמבמס ווערק איז די „משנה תורה“ אָדער „יד החזקה“ (געשריבן אין העברעיש). אויף דעם ווערק האָט דער רמבם געארבעט 10 יאָר. דער מחבר האַלט זיך נישט דאָרט ביים סדר פון דער גמרא, נאָר ער האָט אויפגעזאַמלט די אַלע וויכטיקסטע נאָרמעס (גע־זעצן) פון יודאיזם, סיי טעאָרעטישע, סיי פּראַקטישע און פאָרגעשטעלט זיי אין אַ ראַציאָנאַליסטישער באַלויכטונג. ער לאָזט דורך די פאַרפּלאָנטערטע וויכוחים און גיט נאָר ריינע קאָנקלוזיעס, און דאָרט וווּ עס פעלט גיט ער אייגענע החלטות. ער האָט דאָרט דורכגעפירט אַ שייד־ליניע צווישן די דינים פון דער תורה און די דינים פון תלמוד. אינעם צוגאָב צו דער משנה תורה — „ספר המצוות“ (געשריבן אין אראביש) האָט ער פעסטגעשטעלט אַ כּלל, אַז אַ דין פון תלמוד, וואָס ווערט

דערוויזן דורך לאָגישע ראיות און וואָס וועגן אים גייט אַ ווי־כוח, מוז מען נישט האלטן פאר א קבלה שבעל־פה און מען קאָן אים קריטיקירן.

דורך זיין סיסטעמאטישן ווערק האָט דער רמבם אָפּ־געראטעוועט פון אונטערגאנג א סך עלעמענטן פון דעם תלמוד און געהאָלפן אויפצוקלערן די יסודות פון דער יידי־שער אמונה על־פּי־שכל, און אויך באגרענעצט די טענדענץ פון די קאָנסערוואטיווע רבנים, וואָס מער צו בויען סייגים צו דער תורה. די משנה תורה איז געוואָרן א גרונט־בוך פאר די לערנער פון תלמוד און פוסקים אין בתי־דין.

ארום דער משנה תורה האָט זיך באלד אָנגעהויבן א גע־וואלדיקער שטרייט. איינע האָבן זי געהאלטן פאר א נייער אנטפּלעקונג און די אנדערע — פאַר א כפירה. דער שטרייט האָט נאָך געדויערט יאָרלאנג נאָך דעם רמבמס טויט.

די קרוין פון רמבמס גרונט־ווערק איז געווען דער „מורה נבוכים“, וואָס איז כולל אין זיך א פולן סיסטעם פון אלגע־מיינער און יידישער פילאָזאָפיע. דער מחבר פון „מורה נבו־כים“ שטרעבט צו באווייזן, אז ס'זענען נישט פאראן קיין קעגנזאצן צווישן דער פילאָזאָפיע פון אריסטאָטעלעסן און דער אנטפּלעקטער אמונה. אויף דער שיטה שטעלט ער צוזאַ־מען די יסודות פון זיינע פילאָזאָפישע אידעען: גאָט איז דער כוח וואָס עקזיסטירט בהכרח, ער איז דער ערשטער באוועגער און להיפוך צו אים עקזיסטירן אלע זאכן ביכולת. די וועלט קומט ארויס לויט דעם בוראס ווילן פון גאָרנישט (יש מאין), אין דעם מענטשן איז פאראייניקט דער חומר און די צורה, די מאטעריע און די פאָרם, דאָס צייטווייליקע און דאָס אייביקע, דער גוף און די נשמה. די נשמה באשטייט פון צוויי עלעמענטן: פון דער לעבנס־קראפט פון יחיד און פון דעם

אוניווערסאלן גייסט פון דער מענטשהייט. די נשמה (נפש) פאַרגייט צוזאַמען מיט דעם גוף, דער גייסט (רוח) אָדער דער שכל איז אייביק. וועגן דער נבואה האַלט דער „מורה נבוכים“, אַז זי איז אַ רעזולטאַט פון אַ דערנעענטערונג פון דעם מענטשלעכן שכל צום געטלעכן און יעדער בר־מעלות קאָן דערגרייכן צו דער מדרגה פון נבואה. דעם קרבנות־קולט האַלט דער רמב״ם אַלס אַ פּשרה לגבי דעם המון, וואָס איז געווען געוווינט צו געצנדינערײַ. אַלע געזעצן פון דער תורה זענען אין „מורה נבוכים“ פאַרטייטשט אויף אַ ראַציאָנאַ־ליסטישן אופן.

אין די צײַטן פון זאַבאָבאָנעם שטעלט דער רמב״ם אַלס העכסטן באַגריף דעם שלמות השכל, די הערשאַפט פון פאַר־שטאַנד, דעם אינטעלעקט און אָביעקטיוון אמת.

אויך די מאָראַל און עטיק (די מצוות שבין אדם לחברו) דערגייען צו דער גרעסטער מדרגה, ווען זיי באַזירן זיך אויף דעם שכל.

די פאָרם פון רמב״מס פילאָזאָפישע שיטות איז פונקט ווי בײַ אַלע מיטלאַלטערלעכע דענקער געבויט אויף טרוקענע סילאָגיזמען און דער תוכן איז זייער ווייט דורכגעדרונגען מיט אַ מין אַריסטאָקראַטיזם. ער רימט דעם „דענקענדיקן אי־בערמענטש“. דער „מורה נבוכים“ האָט מאַקע צוליב זײַן הויכן אינטעלעקטואַליזם זיך נישט פאַרשפּרייט צווישן די ברייטע יידישע מאַסן. ער האָט אָבער געמאַכט אַן איבערקערעניש אין די וועלט־אַנשויונגען פון די יידישע אינטעלעקטואַלן און פאַר־מיידט אָפּט דאָס איבערגעבן זיך אינגאַנצן דער תלמודישער סכאָלאַסטיק. די קאָנסערוואַטיווע אינטעלעקטועלע כוחות און אַ טייל מעלאָגן האָבן באַקעמפט דעם „מורה נבוכים“ ביז צו אונגדזערע צײַטן, זיי האָבן אין שלמות השכל געזען די

גרעסטע געפאר פאר זייערע פארקריפלטע באגריפן וועגן אמונה.

צווישן די תשובות (אגרות) פון דעם רמבם איז די וויכ־טיקסטע: „אגרת השמד". ער שטעלט דארט די פראגע וועגן אנוסים און קומט צום אויספיר, אז אין א טויט־געפאר קאן מען לפנים אננעמען די פרעמדע אמונה, אבער שטרעבן נישט אויסצופירן די פרעמדע מנהגים און אריבערפארן אין אן אנדער לאנד, וווּ מען וועט קאנען צוריקקומען צו יהדות.

נישט קלענערן באטייט האט זיין „אגרת התימן". דאס זענען טרייסט־ווערטער פאר די אונטערדריקטע תימנער יידן. דער רמבם באריט אויך דארט די פראגע פון פאלשע משי־חים און שטעלט זיך זיי אנטקעגן. אין דער תשובה קיין מארסעל, לאכט דער רמבם אויס די אסטראלאגיע און האלט זי פאר געצנדינערישע זאבאבאנעס. ער אקצענטירט די נויטווענדיקייט פון קענען זיך באגיין מיט געווער צום קאמף פאר זעלבסטפארטיידיקונג.

זיין זון רעקאמענדירט ער צו שטודירן דעם פירוש צו תנ"ך פון ראב"ע „ווייל ער זאגט דעם אמת", און מורא פאר קיינעם און אן צו שאנעווען עמעצן.

דער רמבם האט אנגעשריבן נאך א צאל טראקטאטן אין אראביש וועגן מעדיצין, היגיענע (הנהגת הבריאות).

## דער קולטור־קאמף ארום רמבמס ווערק

נאך אין די צייטן פון רמבמס לעבן האט זיין "משנה תורה" א חוץ אנהענגער געקריגן א סך קעגנער. די לעצטע האבן געטענהט, אז דער רמבם וויל אוועקשטעלן זיין ווערק

גלייך מיט דעם תלמוד און פאררוקן אין שאָטן די גמרא. אַ טייל האָט געהאלטן פאר א העזה דאָס, וואָס דער רמבם נעמט אויף זיך דאָס פסקענען קאָמפּליצירטע הלכות. אויף נאָך מער אָנפאלן האָט אָנגעטראָפן דער „מורה נבוכים“ נאָכן רמבמס פטירה. די אין פילאָזאָפיע געבילדעטע יידן פון שפאניע זענען געווען אַנטציקט פון דעם ווערק. די תלמודיס־טן פון צפון־פראנקרייך (שלמה בן אברהם פון מאנפעליא, יונה פון גאראנע און דוד בן שאול) האָבן געוואָרפן א חרם אויף די יעניקע, וועלכע פארנעמען זיך מיט אנדערע לימו־דים אחוץ דעם תנ"ך, תלמוד און מעדיצין, ממילא זענען זיי ארויס אין א ביטערן קאמף קעגן „מורה נבוכים“. אויך אין שפאניע זענען ארויסגעטראָטן קעגן רמבם די באוווסטע גע־לערנטע מאיר אבולאפיא און דער רמב"ן (נאכמאנידעס). ביידע צדדים (די אָנהענגער און קעגנער פון רמבמס שריפ־טן) האָבן זיך קעגנזייטיק באקעמפט און אפילו באוואָרפן מיט חרם. א ביסל שטיל געמאכט די צעהיצטע מוחות האָט דער פויפסט גריגאָר IX, וואָס האָט אין דרום־פראנקרייך איינגעפירט די אינקוויזיציע (1233) און פארמשפט דעם רמבמס ווערק צו שרפה. אין 10 יאָר שפעטער האָט מען אויך דעם תלמוד פארברענט אין פאריז. הונדערט יאָר שפעטער האָט זיך דער סכסוך אָנגעהויבן פונסניי.

## די יידן אין שפאניע אין XIII און XIV יאָרהונדערט

אין XIII י"ה קריגן דעם איבערגעוויכט די קריסטלעכע מלוכות קאסטיליע און אראגאָן. שטופנווייז פארנעמען זיי כמעט דעם גאנצן פירענעישן האלבאינדזל. די מוזולמענער

האלטן נאָך אָבער אין זייערע הענט די קליינע טעריטאָריע פון גראַנאַדע.

אין XIII י״ה האבן די קריסטלעכע מושלים זיך אָפּגע-געבן א דין וחשבון וועגן דער באדייטונג און איינפלוסן, וואָס די יידן האָבן געהאט אין שפאניע בעת דער אראבישער הע-געמאָניע און זיי האָבן נישט געפרווט אָנצורירן דעם סטא-טוס קוואָ. עס האָט נאָך עקזיסטירט אַן אַראַבישע געפאר, האָבן דעריבער די קריסטלעכע מושלים געמוזט רעכענען מיט אזא שטארקן כח ווי דער יידישער. אין קאסטיליע האָבן די יידן פארגעשטעלט מיט זיך אן עקאָנאָמיש שטארקן און קולטורעלן עלעמענט. זיי האָבן זיך באלד צוגעפאסט צו די נייע באדינגונגען. באזירנדיק זיך אויף דער אראביש-יידישער קולטור אנטוויקלען זיי זי ווייטער. אינגיכן הייבן זיי אָן צו רעדן און שרייבן קאסטיליש (שפאניש) און נעמען אַ גרויסן אָנטייל אין קולטורעלן לעבן פון לאנד. די יידן האָבן זיך נישט אונטערשיידט פון דער ארומיקער באפעלקערונג סיי מיט דער אויפפירונג, הלבשה און סדר פון לעבן, סיי אין פארנעמען מלוכה-פּאָסטנס, קריגן טיטלען און אויסצייכענונגען, א סך יידן געפינען זיך ביי דעם מלכס הויף. ביי דעם קעניג אל-פאָנס X (1252—1284) פירן די יידן אָן מיט די פינאנסן, און דער יידישער אסטראָלאָג יצחק אבן סיד האָט געמאכט פארן קעניג אסטראָנאָמישע לוחות, וואָס האָבן געדינט אין דעם גאנצן מיטלאלטער אלס יסוד פאר וויסנשאפטלעכע אסטראָנאָמישע פאָרשונגען.

אָבער אין דער צייט פארגרעסערן זיך אויך די השפעות פון דער קירך. אחוץ די אלטע אנטי-יידישע סינאָדאלע גע-זעצן מערן זיך נייע, וועלכע טרעפן על-פי-רוב די ברייטע יידי-שע מאסן (די רייכע האָבן זיך לעת-עתה גאָרנישט געמאכט

פון די געזעצן — זיי זענען נאָך געווען קרוב למלכות). מען פארבאָט די יידן צו פירן א מיסיאָנערן־ארבעט, צו בויען נייע שולן, פירן א געזעלשאפטלעך לעבן צוזאמען מיט די קריס־טן, עס באנייען זיך די פרווון צו פארווערן יידן צו פארנעמען מלוכה־פּאָסטנס און אפילו איינצופירן דעם שאנד־פלעק, די געלע לאטע, פאַר די יידן. די דאָמיניקאנער דארפן זיין די משגיחים איבער דער דורכפירונג פון די אנטי־יידישע געזעצן.

אין דער צווייטער קריסטלעכער מלוכה, אראגאָניע, איז דער מצב פון די יידן געווען דער זעלבער ווי אין קאסטיליע. אין דער צווייטער העלפט פון XIII י'ה פארשטארקן זייער איינפלוס די דאָמיניקאנער און בראש פון זיי רייטונד דע פענאפאָרטע, דער גייסטיקער וועג־ווייזער פון דעם קעניג יאימע I. זיין רעכטע האנט איז געווען דער געשמדטער ייד פּאבלאָ כריסטיאני, וואָס האָט געפירט א ברייטע מיסיאָנע־רישע ארבעט צווישן די יידן. ווען אָבער די קירך האָט זיך איבערצייגט, אז די פּריוואטע וויכוחים מיט די יידן זענען צוועקלאָז, האָט דער קעניג אונטער דעם איינפלוס פון ריי־מונדן פאראָרדנט אן אָפענעם וויכוח (דיספוט) מיט די יידן. מצד די יידן האָט גענומען אָנטייל אין דעם דיספוט דער גרעסטער יידישער געלערנטער פון דער דאָזיקער צייט — נאַכמאנידעס ר' משה בן נחמן (רמב"ן).

ר' משה בן נחמן [רמבן], (1195—1270) איז געבוירן געוואָרן אין געראָנע און געווען דאָרט רב. א גרויסער קענער פון משנה און תלמוד און אויך פון פילאָזאָפיע, אָבער מער גענייגט צום רמבמס קעגנער. ער האָט געהאלטן, אז די אמתן פון דער תורה דארפן נישט האָבן קיין פילאָזאָפישע באגרינ־דונג. זיין טיפע אמונה האָט אים דערנעענטערט צו דער

קבלה, וואָס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין אָט די צייטן ביי די יידן אין שפּאַניע.

דער פאַקט, אַז די קבלה האָט גענומען וואָס מער אַרויס־שטויסן פילאָזאָפיע, דער פאַקט, וואָס די מוזע פון דער שירה איז פאַרשוויגן געוואָרן און אין וויסנשאַפט האָט גענומען דאָמינירן די רבנישע ליטעראַטור, ווייזט אָן אויף די סימנים פונעם אָנהייב פון דער גייסטיקער ירידה פון שפּאַנישן יידנ־טום, וואָס גייט געפּאָרט מיט זיין פּאָליטישער און עקאָנאָמי־שער ירידה. דאָס איז געווען אַ מין רעאַקציע אויף די אַטאַ־קעס פון קאַטוילישן קלער, די רדיפות און די אומגליקן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגערופן דורך די כסדרדיקע מלחמות.

דער רמבן איז באַרימט מיט זיינע תוספות צום תלמוד און איבערהויפּט מיט זיין פּירוש צום חומש, וועלכע איז געדרוקט ביזן היינטיקן טאָג ביי דעם טעקסט צוגלייך מיט רש״ין און ראב״ע. דער פּירוש פאַרמאָגט אין זיך אַ סך עלע־מענטן פון מיסטיק (קבלה). דעם רמבן אלס גדול בישראל האָט פּאַבלאָ כריסטיאַני אויסגעוויילט פאַר אַ קעגנער אין דעם אָפנעם וויכוח אין באַרצעלאָנע. דער וויכוח איז גוגע געווען דער פראַגע, צי איז דער משיח שוין געקומען אָדער מע דאַרף אים דערוואַרטן (די קריסטן האַלטן, אַז ישו איז דער משיח). ביידע צדדים האָבן, נאָכן ברענגען פיל ראיות געשטיצטע אויף פּסוקים פונעם תנ״ך, זיך געהאַלטן פאַר זיגערס. פּאַבלאָ כריסטיאַני האָט ווייטער באַקעמפט דעם תלמוד און סוף־כל־סוף גורם געווען, אַז דער פּויפּסט קלע־מענס IV האָט באַפוילן צענזורירן דעם תלמוד. פון דעמלט אָן קומט פאָר אין די שפּעטערדיקע יאָרן נישט איין היספּוט און נישט איינמאָל האָט מען נאָך דעם תלמוד צענזאָרירט אָדער פאַרמשפּט צום פאַרברענען.

דער רמבן האָט פאַרעפנטלעכט א באשרייבונג וועגן דעם אמתן פארלויף פונעם דיספוט און צוליב דעם האָט ער געמוזט אנטלויפן, מורא האָבנדיק פאר דער נקמה פון די דאָמיניקאנער פון שפאניע. אין 1267 אין ער אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל און דאָרט פארבראַכט זיינע לעצטע יאָרן. דער בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיין זון פון דאָרטן איז א וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט וועגן דעם מצב פון ארץ־ישראל אין די דאָזיקע צייטן.

ר׳ שלמה בן אדרת [רשב׳א], (1235—1310) — דער תלמיד און נאָכפאָלגער פון דעם רמבן, רב אין בארצעלאָנע. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסע ידיעות פון דעם תלמוד און ראביניסטיק. ער האָט געזאמלט ארום זיך טויזנטער תלמידים און זיינע תשובות (העכער 6.000) זענען געווען באקאנט אין דער גאנצער יידישער וועלט. אונטער זיין השפעה האָט מען איבערגעזעצט אויף העברעיש דעם רמבמס פירוש צו דער משנה און אנדערע ווערק געשריבענע אין אראביש. אליין האָט ער אָנגעשריבן פיל אפאָלאגעטישע שריפטן, וו ער באקעמפט די שקרים קעגן יידנטום. אין דעם קאמף, וואָס עס האָט זיך דעמלט געפירט אין די יידישע אינטעלעקטועלע קרייזן ארום דער פילאָזאָפיע פון רמבם, שטעלט זיך סוף־כל־סוף דעם רשב״א אין די רייען פון די פרומע קעגנער פון ראציאָנאליסטישן געדאנק און דעם 26 יולי 1305 ווארפט ער, מיט דער תורה אין די הענט, אין שול א חרם אויף די אלע, וואָס פארנעמען זיך מיט אנדערע לערעם אחוץ דעם תלמוד און עווענטועל מעדיצין. דער רעזולטאט פון חרם האָט זיך באלד געגעבן צו דערקענען. עס הייבט זיך אָן די ירידה פון דער יידישער פילאָזאָפיע און איר אָרט פארנעמט שוין פולשטענדיק די קבלה. דאָס איז געווען, ווי

געזאָגט, אן אלגעמיינער פּועל־יוצא פון דער ירידה פון שפּא־נישן יידנטום. די שווערע צייטן האָבן תמיד גובר געווען ביי יידן די טענדענצן פון פארמאכן זיך אין די ד' אמות פון תל־מודישן יודאיזם. אויך די זון פון אַראביש־שפּאנישן רענעסאנס הייבט אָן אונטערצוגיין אין די צייטן. אין שפּאניע ווערן רייף די כוחות פון דער רעאקציע.

## די קבלה און דער זוהר

אין די שווערע צייטן פאר דעם יידישן פאָלק האָט תמיד די מיסטיק—קבלה געקריגן א גינסטיקן גרונט צו פארשפּרייטן זיך סיי אין טעאָרעטישע ספּעקולאציעס פון די אינטעלעק־טואלן, סיי אין דער פּראקטיק פון געוויסע שיכטן און גרופּן פונעם פאָלק. אזוי איז געווען אין די צייטן פון אדריאנסעם רדיפות, ווען א טייל תנאים בראש מיט שמעון בן־יוחאי האָ־בן זיך פארנומען מיט מיסטיק, אזוי אויך אין די לעצטע יאָרן פון גאונאט אין בבל, ווען ס'איז געשאפן געוואָרן דאָס קבלה־סטישע ווערק „ספר היצירה", און אויך אין די שפּעטערע צייטן פון אר"י ביז צו די יורשים פון דער טעאָרעטישער און פּראקטישער מיסטיק, די חסידים אין פּוילן און רוסלאנד.

די מיסטיקער האלטן, אז אחוץ דעם פּשט געפינען זיך אין דער תורה פארבאָרגענע סודות, וואָס שאפן איר אמתן אינהאלט. די טעאָרעטישע קבלה פארנעמט זיך מיט אזעלכע גרונט־פּראָבלעמען ווי „מעשה מרכבה" — פראגן וועגן דעם מהות פון גאָט און זיין באציונג צו דער וועלט און מענטש (דער באגריף מעשה מרכבה איז געשטיצט אויף דעם מיס־טישן פארטייטשן פון יחזקאלס סימבאָלישער וויזיע איבער

דעם מרכבה־וואָגן) און מעשה בראשית, וואָס גיעמט ארום פראגן וועגן דער באשאפונג פון דער וועלט, אויפקלערונג פון די נאטור־כוחות (שטודירט האָט מען דעם פּראָבלעם ביים פּארטייטשן דעם ערשטן ספר פון חומש־בראשית).

דער הויפּט־העלד פון די מיסטישע לעגענדעס איז רבי שמעון בר יוחאי, וואָס האָט געזאָלט האָבן מיסטישע חזיונות בעת זיין אויסבאהאלטן זיך פאר די רוימער. אויך די גע־שטאלט פונעם נביא אליהו מיט זיינע ווונדערלעכע פּאסירונ־גען און טויט האָט גיעדינט אלס העלד פון די מיסטישע דער־ציילונגען. אין XII י"ה איז אברהם אבולאפיה געווען איינער פון די גרעסטע אָנהענגער און פארשפּרייטער פון דער קבלה.

דער קאדיפיקאטאָר פון דער קבלה איז געווען משה בעל שם־טוב פון ליאון אין שפּאניע (די צווייטע העלפט פון XIII י"ה), דער מחבר פון „זוהר". פארמעל, איז דער „זוהר" אַ פּירוש צום חומש. ער איז געשריבן אין דער אראמישער שפּראך, מיט א געהויבענעם און רייכן סטיל, וואָס דערוועקט ביי דעם לייענער א מין מיסטישע התלהבות. צוליב די ארייג־געפלאָכטענע אין אים דערהויבענע תפילות און מיסטישע רמזים און סודות מאכט דער „זוהר" א ריזיקן איינדרוק אויף די יעניקע, וואָס זוכן א מקום מקלט פאר דעם יאוש און צער און דערווארטן די גאולה דורך ניסים. דער „זוהר" שפּיגלט אָפּ די אמונות און זאבאבאָנעם וועגן מלאכים, שדים, כישוף און שפּרוכן, וואָס זענען געווען סימפּטאמאטיש פאַרן גאנצן מיטלאלטער.

דער „זוהר" קלערט אויף דעם מהות פון גאָט מיט דעם באגריף „אין סוף". אנדערע באשעפענישן קאָנען דערגרייכן צו דער גאנצקייט און גרויסקייט פון גאָט דורך פארמיטלערס

— די ספירות, וואָס זענען פאראן 10. פאַר די חטאים אין עולם-הזה מוז די נשמה דורכגיין גלגולים, אין וועלכע זי פאר-בעסערט זיך. צוליב וואָס ס'זענען פאראן אויף דער וועלט אַ סך זינדיקע נשמות, וואָס מוזן דורכגיין גלגולים, איז נישטאָ קיין אָרט פאר אלע נשמות אויף דער וועלט. משיח וועט קומען, ווען אלע נשמות, און צווישן זיי דעם משיחס, וועלן באקומען זייער אָרט אויף דער וועלט. דערנעענטערן דאָס משיחס אָנקומען קאָנען די מעשים טובים, תעניתים, פרומ-קייט און תפילות, וואָס דערהייבן די נשמות און פארשנעלערן דעם פראָצעס פון די גלגולים און דאָס דערגרייכן די שלימות. די אותיות פון גאָטס נאָמען אָדער פון די מלאכים פארמאָגן אין זיך א מאגישן כוח, און ווער עס באהערשט דעם סוד פון ריכטיקן און פאסנדיקן צוזאמענשטעלן די אותיות, קאָן באַ-ווייזן ניסים.

אין דער מיסטישער טעאָריע און פראקטיק געפינען מיר דעם אורשפּרונג פון די יידישע פאלשע משיחים און אויך בעלי-ניסים ביז צו די חסידישע רביים פון XVIII—XIX י"ה. דער מחבר פונעם „זוהר" האָט צוגעשריבן זיינע אייגענע ווערטער דעם תנאי שמעון בר יוחאי, און דערפאר איז געווען פארשפּרייט צווישן די גלויביקע די אמונה, אז דער „זוהר" איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך דעם גלילער תנאי. דאָס האָט נאָך מער פארגרעסערט די קדושה פון ספר ביי אלע שפּע-טערדיקע אָנהענגער פון דער קבלה, וואָס האָבן פון אים גע-האלטן ווי פון אַ נייער עוואַנגעליע.

## ר' אשר בן יחיאל און יעקב בן אשר (דער בעל הטורים)

דער וווקס פון די אָנהענגער פון דער קבלה האָט נישט פארקלענערט דעם סכסוך צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון

דער פילאָזאָפיע. צווישן די שאַרפע קעגנער פון דער פילאָ־
זאָפיע איז געווען דער מחבר פון קאָמפּענדיום צום תלמוד
(א. נ. „אשרי") ר' אשר בן יחיאל (1255—1327), דער תל־
מיד פון ר' מאיר פון ראָטענבורג (דייטשלאַנד) און שפּעטער
רב אין טאָלעדאָ. ער איז געווען איינשטימיק מיט דעם
רשב"א אין דער פראַגע פון חרם קעגן די אָנהענגער פון דער
פילאָזאָפיע.

באַרימט איז געוואָרן זיין זון יעקב בן אשר (1280—
1380), וואָס האָט געשאַפן לויט דעם מוסטער (אָבער לויט
אַן אַנדערן סיסטעם) פון רמב״ם „משנה תורה", אַ ווערק,
וואָס אַנטהאַלט אַלע וויכטיקע פּראַקטישע דינים פון דעם
תלמוד. דאָס ווערק הייסט „ארבע טורים" און פאַרמאָגט פיר
טיילן: אורח חיים (דינים וועגן תפילות); יורה דעה (אַנדערע
מצוות אַחוץ תפילות, וואָס זענען נוגע גאָטס־רעכט); אבן
העזר (משפּחה־דינים) און חושן משפּט (ציוויל־רעכט). דער
„ארבע טורים" איז אַ מין קאָמפּלעטער קאָדעקס פון יידישן
געזעץ און איז געוואָרן אַ גרונטווייזער פאַר די יידישע פּוס־
קים און ריכטער (רבנים, דיינים) אין יידישן רעליגיעזן בית־
דין ביז צו אונדזערע צייטן.

# דער אָנהייב פון דער ירידה פון שפּאַנישן יידנטום

## די ערשטע רדיפות

אין XIV י״ה איז שוין די העגעמאָניע פון קאסטיליִע און אראגאָן אן איבערוועגנדיקע אויף דעם פירענעישן האלבאינ־זל. זיי האָבן דעראָבערט כמעט אלע געביטן פון דעם לאנד אחוץ גראנאדע. די לאגע פון די יידן איז נאָך אלץ פאראָעל־טגישמעסיק דערטרעגלעך. כמעט דער גאנצער האנדל געפינט זיך אין זייערע הענט און די פארמעגלעכע באזיצן גיטער אין די שטעט און דערפער. די מושלים פון די צוויי מלוכות באַ־נוצן זיך נאָך מיט יידישע פינאנסיסטן און באנקירן. די העכערע און פארמעגלעכערע שיכטן צווישן יידן נייגן זיך צו אסימילאציע, וואָס פירט אָפט צום שמד.

א טייל פון די געשמדטע יידן ווארפן זיך מיט דער פאר־ביסנקייט פון נעאָפיטן אין אידעאָלאָגישן קאמף קעגן זייערע פריערדיקע פאָלקס־ברידער. איינער פון זיי, אַבנר פון בור־גאָס, נאָכן אָפּשמדן זיך — אלפאָנסאָ דע וואלאדאָליד — שרייבט פיל העצערישע פאמפלעטן קעגן די יידן און זייער אמונה. עס קומט דעמלט אויף צו אן עפנטלעכן דיספוט. דער גרונט פון אָט דער דאָזיקער העצערישער פראָפּאגאנדע האָט געהאַט צווישן אנדערע אויך ריין מאטעריעלע טעמים. די גראנדן (דער אדל) און דער קלער, קוקנדיק מיט קנאה אויף דעם עקאָנאָמישן ווילשטאנד און פּאָליטישע השפעות פון די יידישע פינאנס־פּאָטענטאטן אלס זייערע קאָנקורענטן, האָבן געשטרעבט אָנצוצינדן דעם האס פונעם פאָלק קעגן די יידי־שע רייכע שיכטן און אויך קעגן זייערע פאָלקס־ברידער. דאָס אויפקומענדיקע קריסטלעכע שטאָט־בירגערטום זעט אויך אין

די יידן זייערע קאָנקורענטן און ווילן פון זיי פטור ווערן. אין דער צייט פאלט שטופנווייז די עקאָנאָמיק פון דעם לאנד. עס שטארקט זיך דער פעאָדאלער דרוק אויף די פאָלקס־מאסן, צווישן זיי אויך די יידישע. ביי אזא צושטאנד זוכט די קלע־ריקאלע און וועלטלעכע אריסטאָקראטיע א גוטן שעיר לעזאזל און געפינט אים לייכט — באנוצנדיק זיך אין קאמף מיט דער פאסנדיקער צו יענער צייט רעליגיעזער פראזעאָלאָגיע — אין די ברייטע יידישע פאָלקס־מאסן. מען ווייזט די מאסן דעם יידישן פינאנס־פאָטענטאט און מען איז צו זיי כולל דאָס גאנצע יידישע פאָלק, אָנווייזנדיק אויף אים ווי אויף דער הויפט־סיבה פון שלעכטן עקאָנאָמישן מצב.

דאָס האָט דערפירט צו אזא לאגע, אז די גרויל־פראָפּא־גאנדע וועגן דעם, אז די יידן האָבן פארסמט די ברונעמס און גורם געווען צום פארשפרייטן זיך פון דער שווארצער מגפה (משומע — 1348), דרינגט אריין קיין שפאניע און ברענגט צו מאסן־פאָגראָמען אין קאסטיליע און אראגאָניע. א טייל יידן ראטעווען זיך דעמלט פון פאָגראָם און שמדן זיך, און פון דער צייט הייבט זיך אָן דאָס פּראָבלעם פון די געשמדטע יידן (ניי־קריסטן) אין שפאניע.

דאָ און דאָרט טרעפט זיך נאָך פאלן, ווו יידישע פאָטענ־טאטן פארנעמען וויכטיקע פאָסנטס, אָבער זייער לאגע ווערט אלץ מער אומזיכערער.

אויף דעם קאסטילישן הויף, נאָך דעם טויט פון אל־פאָנס XI (1325—1350), ביי זיין זון דאָן פעדראָ, פארנעמט דער ייד דאָן מאיר בן שמואל פון דער משפחה אבולאפיע דעם פאָסטן פון פינאנס־מיניסטער. ער איז געווען טעטיק אלס פינאנסיסט און דיפּלאָמאט און האָט פיל נוצן געבראַכט דעם יונגן דאָן פעדראָ און זיין פּאָליטיק. ער האָט אויך אויס־

געגוצט זיין גרויס רייכטום לטובת דער יידישער באפעלקע־
רונג, געבויט שולן און בתי־כנסיות (די גרויסע שול פון טאָ־
לעדאָ, וואָס עקזיסטירט ביז היינט אלס קירך דעל טראַנסי־
טא, געהערט אויך צו זיינע פונדאציעס). סיי די רייכע, סיי
די אָרעמע שיכטן האָבן געקוקט מיט קנאה און שנאה אויף זיין
גדלות. עס האָבן זיך געמערט די מסירות קעגן אים און סוף
כל סוף האָט דער קעניג פארמשפט אים צום טויט.

די קאָרטעזן (פארזאמלונג פון גראנדן) האָבן אין יאָר
1371 באשטעטיקט אַ געזעץ, אַז יידן טאָרן נישט פארנעמען
קיין עפנטלעכע מלוכה־פּאָסטנס, דארפן וווינען אין באזונדע־
רע קווארטאלן פון שטאָט און טראָגן שאנד־צייכנס לויט די
סינאָדאלע געזעצן. צוזאמען מיט דער פּאָליטישער און עקאָ־
נאָמישער ירידה פון שפאנישן יידנטום קומט אויך פאָר א
פארקריפּלונג פון דער גייסטיקער טעטיקייט. דאָ און דאָרט
באווייזן זיך נאָך אויפן געביט פון קולטורעלער שאפונג טאַ־
לאנטפולע יחידי סגולה, אָבער דער פארנעם פון זייער ארבעט
איז שוין נישט אזוי ברייט און רייך ווי אמאָל. צווישן די גע־
לערנטע, אין זייערע ערשטע רייען, שטייט ר׳ חסדאי קרשקש
(1340—1410) פון אראגאָניע, דער מחבר פון פילאָזאָפישן
ספר „אור ד׳“.

אין זיין ספר שטעלט זיך קרשקש אנטקעגן דעם רמבמס
שיטות וועגן שלטון השכל און האלט, אז דערגרייכן די שלי־
מות פון געטלעכקייט קאָן מען נאָר דורך אהבה, וואָס שעפּט
פונעם קוואל פון דעם הארץ. פון זיין בוך האָט געגאָסן ברוך
שפינאָזע. באקאנט איז אויך ר׳ חסדאיס בריוו צו די יידן אין
אַוויניאָן, ווו ער באשרייבט די מאסן־פּאָגראָמען און שחיטות
אין שפאניע אין יאָר 1391.

## די פּאָגראָמען אין יאָר 1391

דער מצב פון די יידן פארערגערט זיך וואָס מער. דער קריסטלעכער המון קוקט מיט קנאה אויף די יידישע גבירים זייערע באנקירן. פון פראַנקרייך און דייטשלאנד דערגייען קלאַנגען וועגן דעם גירוש פון די יידן און עס וואקסן אויס פּאָהערונגען, אז די שפּאנישע מושלים זאָלן גיין אין זייערע שפּורן. דער קלער פארשטארקט די אנטי־יידישע העצע אויף דער כוואליע פון דער אלגעמיינער פארשטארקטער רעאקציאָנערער באוועגונג פון דער קירך. די לאגע ווערט וואָס ווייטער אלץ מער געשפּאנט. די אנטי־יידישע כוחות ווארטן אויף אַ שעה הכושר, כדי צוווארפן זיך אויף די יידן, פּאָגראָמירן זיי און בארויבן.

אין 1391 זענען אויסגעבראָכן די ערשטע מהומות אין סעווילע. זיי האָבן זיך איבערגעחזרט דריי חדשים שפּעטער אין אַ גרעסערן פאַרנעם און געשאפן דעם אימפּולס צו פּאָגראָמען און מאסן־שחיטות אין גאנצן לאנד. אין סעווילע זענען געפאלן אַ סך קרבנות אויף קידוש השם, אָבער אַ גרויסע צאָל יידן האָבן זיך געשמדט, פון דאָרטן האָט זיך איבערגעטראָגן דאָס פייער פון די מהומות קיין קאָרדאָווע און טאָלעדאָ, ווו עס זענען געפאלן אַ סך קרבנות, און צווישן זיי אויך די תלמידים פון בעל הטורים. אין וואלענסיע און אויף דעם אינדזל מאיארקע זענען געפאלן הונדערטער קרבנות. אין בארצעלאָנע האָבן זיך די יידן פארטיידיקט אין דער פעסטונג וואכנלאנג און זיי זענען נאָכדעם געפאלן אלס קרבן פון דעם צעווילדעוועטן המון. אַ סך יידן זענען ביַגאנגען זעלבסטמאָרד. אַ גרויסער טייל פון די פּאָגראָמירטע האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און געראַטעוועט דאָס לעבן און

פארמעגן דורך שמד. לויט חסדאי קרשקשס בריוו האָט מען דעמלט פאגראָמירט 70 קהילות. די מהומות האָבן זיך באלד פארשפרייט אויך אין אראגאָניע און דאָ האָט זיך איבערגעחזרט דער פאַרלויף פון די געשעענישן אין קאַסטיליע.

יאָר־יערלעך האָבן זיך שפּעטער איבערגעחזרט די רדיפות, מהומות און פּאָגראָמען אויף יידן. זיי האָבן צעבראָכן דעם חוט־השדרה פון „שטאָלצן שפּאנישן יידנטום און דערנענטערט דעם לעצטן אקאָרד פון דער קאטאסטראָפע, דעם גירוש ספרד פון יאָר 1492.

דעסטרוקטיוו אויף דעם גורל פון די יידן אין שפּאניע האָט געווירקט דער טראגישער און קאָמפּליצירטער גורל פון די בצוואנג געשמדטע, אזוי גערופענע אנוסים אָדער מאראנען.

## די אנוסים (די מאראנער — די פארשאָלטענע)

דער פּראָצעס פון אַסימילאציע און שמדן זיך האָט זיך אין שפּאניע געצויגן שוין פון לאנג. ער האָט זיך פארשטארקט אין די צייטן פון די רדיפות און פּאָגראָמען. אַ טייל פון די אנוסים האָט נאָר געוואַרט אויף דער שעת הכושר צו פארלאָזן דאָס לאנד און צוריקקערן זיך צום יהדות. אַ גרעסער טייל פון זיי האָט קאָנספּיראַטיוו אָפּגעהיטן די יידישע דינים און מנהגים, דערצויגן אין יידישן גייסט די קינדער און נאָר אין דער גאַס דעמאָנסטרירט די „צוגעהעריקייט“ צו דער נייער אמונה.

עס זענען אָבער געווען אויך אַזוינע צווישן די אנוסים, וואָס האָבן זיך צוגעפּגעלעבט מיט דער נייער אמונה, פאר־

בונדן זיך מיט קאָליגאַציעס צו קריסטלעכע משפחות. די רייַ־כע האָבן זיך פארבונדן מיט דער אַריסטאָקראַטיע, די ער־גער סיטואירטע מיט די אייַנוווינער פון די שטעט, און באַלד האָט זיך געשאַפן אין שפּאַניע אַזאַ מצב, אַז עס איז כמעט נישט געווען קיין קריסטלעכע משפּחה, וואָס זאָל נישט האָבן צווישן אירע מיטגלידער אויך מאַראַנען.

צוליב די משפּחה־קאָליגאַציעס און זייער עקאָנאָמישער פּאָזיציע פאַרנעמען גאָר א סך אנוסים הויכע מלוכה־פּאָסטנס, א טייל פון זיי פאַרנעמען אויך הויכע פּאָסטנס אין דער קירך (גלחים, בישאָפן, אָנפירער פון מאָנאַסטירן). אָט דער קרייז געשמדטע נוצט אויס זייַנע ידיעות אין יידישקייט אין קאַמף קעגן די פריערדיקע פּאָלקס־ברידער. עס מערן זיך פון זייער צד פּאַמפלעטן און פלוגבלעטער קעגן דער יידישער אמונה.

אויסגעצייכנט האָט זיך אלס יידן־העצער דער גלח פּאַוועל דע סאַנטאַ מאַריאַ בורגענסיס (פּאַוועל פון בורגאָס). פאַרן אָפּשמדן זיך האָט ער געהייסן ר׳ שלמה הלוי (געב. 1351) און איז געווען רב אין בורגאָס. נאָכן שמד איז ער אין דער גרויל־צייט פון די פּאָגראָמען (1391) אריבערגעפאָרן קיין פּאַריז און אויף דער סאָרבאָנע געקראָגן דעם טיטל דאָקטאָר פון טעאָלאָגיע. אין אַוויניאָן, וווּ עס האָבן דעמלט רעזידירט די פּויפּסטן, ווערט ער נאָמינירט פון דעם פּויפּסט אליין (בענעדיקט XIII) אלס קאַנאָניק אין סעווילי׳ע און באַלד אַוואַנסירט ער אויפן פּאָסטן פון בישאָף אין בורגאָס (דאָרט וווּ ער איז אמאָל געווען רב), און נאָכדעם ווערט ער אַן אפּי־טראָפּוס פון דעם מינדעריעריקן קעניג. במשך פון זיין גאַנץ לעבן פירט ער אַן אַקציע פאַרן שמד פון די יידן. ער גיט ארויס פּאָלעמישע שריפטן, ער באַקעמפט דעם תלמוד און די

רבנישע ליטעראַטור. ער נוצט אויך אויס זיין השפעה אין
קעניגלעכן הויף, כדי אָנצווענדן אדמיניסטראַטיווע צוואַנגס=
מיטלען צו שמדן יידן. אונטער זיין השפעה האָט דער רעגענ=
טן=ראַט פאַרווערט די יידן צו פאַרנעמען מלוכה=פּאָסטנס.
פון דעם יידישן צד מערן זיך אויך פּאָלעמישע שריפטן
קעגן דער אויבנדערמאָנטער פּראָפּאַגאַנדע. יהושע בן יוסף,
חסדאי קרשקש און אַנדערע שרייבן אַפּאָלאָגעטישע בראָשורן
און באַקעמפן דעם משומד פּאַוועל פון בורגאָס.
דער וויכוח גייט באַלד אַרויס פון די אַקאַדעמישע ראַמען,
עס הייבט זיך אָן אַן אַקציע פון מאַסן=בצוואַנגס=שמד, און
בראש פון איר שטייט ווינצענטי פערער. נאָכדעם ווי די קאַס=
טילישע רעגענטקע האָט אַרויסגעגעבן שווערע אַנטי=יידישע
גזירות (1412), פאָרט אַרום פערער מיט אַ כנופיא מאָנאַרכן
און אַן אָפּטיילונג מיליטער איבערן גאַנצן לאַנד און אָרגאַ=
ניזירט אַנטי=יידישע מהומות. בעת די פּאָגראָמען טרעט פע=
רער אויף אין די בתי=מדרשים, אַגיטירט צום שמד, און די
כנופיא מאָנאַרכן לאָזט זיך שלאָגן מלקות, כדי צו „ווירקן
מיט אייגענע ליידן מציל זיין די אומגליקלעכע פון דעם גי=
הנום". אין רעזולטאַט פון פערערס אַקציע האָבן זיך אָפּגע=
שמדט גאַנצע קהילות. דאָס איז אָבער געווען מסתמא ווייניק
פאַר די אָרגאַניזאַטאָרן פון מאַסן=רדיפות און שמד, און דער
פּויפּסט בענעדיקט XIII רופט צונויף אַ וויכוח אין טאָר=
טאָזע (1412—1414), וואָס האָט געדאַרפט צואיילן דעם פּראָ=
צעס פון שמד. צוויי יאָר האָט זיך געצויגן דער דיספּוט. פון
דער קריסטלעכער זייט האָט אָנטיילגענומען דער אויבנדער=
מאָנטער יהושע בן יוסף, דער פריערדיקער באַקעמפער פון
פּאַוועל פון בורגאָס, וואָס האָט זיך סוף כל סוף אַליין אויך
אָפּגעשמדט און געקריגן דעם נאָמען געראָנימאָ דע סאַנטאַ

פּע; פון יידישן צד האָבן אָנטיילגענומען: דער פּאָעט דאָן
ווידאַל דע בענוועניסטע און יוסף אלבא — דער פילאָזאָף,
פּאָעט און מחבר פון „ספר העקרים“ (ר׳ קרשקש תלמיד).
דער וויכוח איז געפירט געוואָרן אונטערן איינדרוק פון די
רדיפות און פּערערס מאַסן־שמד־אקציע. די גרויסע קהילות
זענען געפאַלן און די קליינע זענען אָפּגעמעקט געוואָרן. טראָץ
דעם האָבן זיך די יידישע דיסקוטאַנטן אין טאָרטאָזע נישט
אונטערגעגעבן. דער פּויפּסט איז סוף־כל־סוף נמאס געוואָרן
דאָס וואַרטן אויף אַן אַנטשיידונג פון דעם דיספּוט און האָט
איינזייטיק דערקלערט דעם קריסטלעכן צד אַלס זיגער. אַ
האלב יאָר שפּעטער האָט ער אין זיין בוללע פאַרמשפּט דעם
תלמוד צו שרפה (11 מאַי 1415 י.). אין דער דאָזיקער בוללע
חזרט זיך איבער די גזירות פון 1414 (דער פאַרבאָט צו פאַר־
געמען מלוכה־פּאָסטנס, די פליכט צו וווינען אין ספּעציעלע
קוואַרטאַלן און אויך אַ פליכט פאר די יידן אויסצוהערן דריי
מאָל אין יאָר די דרשות פון די גלחים).

נישט לאנג האָבן די אנוסים גענאָסן פון דער מנוחה. עס
האָבן נישט געהאָלפן די פאקטן פון אויפגעצוווּנגענעם מאַסן־
שמד, אויך נישט דאָס, וואָס די שולן זענען פאַרוואַנדלט גע־
וואָרן אין קירכעס און אַ טייל רבנים — אין גלחים און מאָ־
נאַכן. דאָס רייכטום פון די מאַראַנען און זייערע פאַרבינדונ־
גען מיט דעם אַדל האָבן אויפגעהערט צו דינען אלס שוץ.
פאַרקערט, דאָס איז געוואָרן דער הויפּט־גורם, וואָס האָט
געשאַפן דעם גינסטיקן באָדן פאר רדיפות און מהומות, אין
וועלכע דאָס אָנגערקענען דעם קרייץ האָט שוין נישט געהאָלפן.
דער המון האָט געזען אין די מאַראַנען „די רייכע יידן“, און
דער פּשוטער גלח האָט געהאַט זיין „יידישן בישאָף“. אין
1440 זענען אין טאָלעדאָ פארגעקומען מהומות, ווו עס זענען

געפאלן פיל קרבנות צווישן די מאראנען. די קאָרטעזן האָבן אין דעם זעלבן יאָר פאַרבאָטן פאַר דעם ערשטן דור גע־שמדטע יידן צו פאַרנעמען פּאָסטנס אין דער מלוכה און קירך.

אין דער צייט קומען פאָר די לעצטע פרוּוון פון אָרגאַני־זירן די יידישע קהילות. די מושלים ווילן נישט פאַרלירן די גרויסע הכנסות, וואָס זיי האָבן געצאַפּט פון די יידישע קהי־לות, און מאָלערירן אין א געוויסער מאָס די אָרגאַניזאַציע פון קהילות. אין 1432 קומט פאָר אַ צוזאַמענפאָר פון די פּרנסים פון אַלע קהילות אין וואַלאַדאָליד און דאָרט האָט מען באַשטעטיקט דעם מוסטער־סטאַטוט פאַר די יידישע קהילות אין קאַסטיליע. דער סטאַטוט פון די קאַסטיליער קהילות רע־גולירט כמעט אַלע פראַגן פון דעם אינערלעכן יידישן לעבן (געריכט, שול־וועזן, תפילות א.א.וו.). די פרוּוון פון רעטונג זענען אָבער געקומען צו שפּעט. דעם פראָצעס פון ירידה האָט מען שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן. ער איז געווען צו שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם אַלגעמיינעם וווּקס פון דער קלע־ריקאַלער און פעאָדאַלער רעאַקציע אין שפּאַניע.

## די אינקוויזיציע

די רעאָרגאַניזאַציע פון קהילות איז נישט ניהא געווען די יידישע שונאים און צווישן זיי אויך די נעאָפיטן. עס מערן זיך מסירות קעגן די יידן. דער פּויפּסט מיקאָלאַי V באַפעלט אין יאָר 1451 דאָס איינפירן די אינקוויזיציע פאַר די נישט אופריכטיקע מאָראַנען.

אין 1469 פאַראייניקט זיך קאַסטיליע מיט אַראַגאָן, און

די מושלים פון דער פאַראייניקטער מלוכה — פערדינאַנד דער אַראַגאָנער און זיין פרוי איזאַבעללאַ פון קאַסטיליע טאָלערירן די וואָס אמאָל אליץ מער וואקסנדיקע עקסצעסן קעגן די מאַראַנען. עס איז דעם הויף געגאַנגען אין דעם, מען זאָל קאָנען באַרייכערן די מלוכה־קאַסע מיט די קאָנפיסקירטע מאַראַנישע פאַרמעגנס. יאָר־יערלעך מערן זיך די עלילת־דם־בלבולים און אין 1473 איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־שחיטה פון די אַנוסים.

אין 1480 האָבן פערדינאַנד און איזאַבעללאַ באַשטעטיקט די פּרעראָגאַטיוון פון דעם אינקוויזיטאָרישן געריכט אין געביט פון פאָרשן „די חטאים" פון די אַנוסים. בראש פון דעם געריכט זענען געשטאַנען דריי דאָמיניקאַנער און אַ פאָרשטייער פון די מלוכה־פינאַנסן. די ערשטע האָבן פאַרמשפּט די „כופרים" און דער לעצטער האָט קאָנפיסקירט זייער פאַרמעגן. אין די תפיסות האָט מען די אַרעסטירטע אַנוסים שרעקלעך געפּייניקט און דורך עינויים ארויסגעצויגן פון זיי פאַלשע עדות, וואָס אויף זייער סמך האָט מען ווייטער ארעסטירט הונדערטער מענטשן. שוין אין 1481 האָבן זיך אָנגעהויבן עפנטלעכע עקזעקוציעס אין סעוויליע, ווו מען האָט פארברענט אין דעם יאָר 280 אנוסים אויפן אויטאָ־דאַ־פע. דער אויטאָ־דאַ־פע („דער אקט פון אמונה") פלעגט פארקומען מיט א גאנצן פאראַד. ער איז באַלד אין די שטעט פון שפּאַניע געוואָרן פאַר דעם המון ווי אַ מין צירקוס. די אינקוויזיציע האָט אויך די טויטע „כופרים" נישט מוחל געווען זייערע „חטאים" און באַפוילן אויסצוגראָבן זייערע קערפּערס און פאַרברענען עפנטלעך. עס איז דאָך געגאַנגען אין דעם, אַז מען זאָל קאָנען קאָנפיסקירן זייער פאַרמעגן און ווירקן עמאָציאָנעל אויף דעם צעווילדעוועטן המון.

אין אזא ביטערן מצב געפינען זיך באלד פושעים און מוסרים אין יעדער געזעלשאפט, די אינקוויזיציע באנוצט זיך מיט דער פולער האנט מיט די דאָזיקע אויסוואורפן פון דער געזעלשאַפט. טויזנטער אומשולדיקע מענטשן פאַלן אַ קרבן פון די מסירות. אַ גרויסער טייל פון די קרבנות גייט מוטיק צום מארטירער־טויט און פאַרגרעסערן די רייען פון די, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם אין אַ סך תקופות פון דער יידישער געשיכטע.

אין 1485 איז באַשטימט געוואָרן אלס גענעראל־אינקוויזיטאָר טאָמאס טאָרקוועמאדאָ. אין די יאָרן, ווען דער דאָזיקער צורר היהודים איז געווען פרעזידענט פון דער אינקוויזיציע (1485—1498), האָט מען פארברענט אויף די שייטער־הויפנס טויזנטער אנוסים.

## דער גירוש ספרד (1492), דאָן יצחק אברבנל

די רדיפות קעגן די אנוסים האָבן געוועקט אַ באַרעכטיקטע אומרואיקייט צווישן די שפאנישע יידן. אין די ביטערע צייטן פון די פּאָגראָמען און שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע און קידוש־השם דערנענטערן זיך די אנוסים צו די יידן. אין די יידישע קווארטאלן לערנט מען אויף אַ געהיימען אופן די מאראנישע קינדער יידישקייט. די „ביסקופּן און די גלחים" אויף דער אויבערפלאך פירן אָן מיט יידישע תפילות אין די קעלערס, וואָס מער עס שטארקן זיך די גרויל־טאטן פון דער אינקוויזיציע, אלץ שטארקער פארגרעסערט זיך ביי די אנוסים די נטיה צו יידישקייט. נאָך ביז צום XVIII י"ה

ברענגען די שייטערס פון דער אינקוויזיציע. ארום 300 יאָר נאָך דעם ג דוש גייען נאָך די אייניקלעך פון די אנוסים אויף קידוש־השם.

די אינקוויזיטאָרן גיבן זיך אָפּ א דין וחשבון דערפון, אַז ווי לאַנג אין לאנד עקזיסטירן יידן וועלן זיי נישט קאָנען „דערליידיקן“ דאָס פּראָבלעם פון די אנוסים. צוליב דעם פארטרייבט מען אין 1485 די יידן פון אַנדאלוזיע און סע־ווילע. אין אַנדערע פּראָווינצן קומט עס פּאָר שפּעטער צוליב דער שתדלנות און השפּעה אין קעניגלעכן הויף פון צוויי באַ־קאנטע באנקירן און פינאַנסיסטן: ר׳ אברהם סעניאָר און דאָן יצחק אברבנל. דער לעצטער איז געבוירן אין פּאָרטוגאל און דאָרט אָנגעפירט מיט די פינאַנסן פון דער מלוכה. צוליב אינטריגעס האָט ער געמוזט אנטלויפן פון פּאָרטוגאל און גע־פונען א צייטווייליקן מקום מקלט אין שפּאניע. פון אָנהייב פּאר־נעמט ער זיך מיט וויסנשאפטלעכער טעטיקייט, שאפט אַ פירוש צו די נביאים ראשונים. באלד דערוויסט זיך וועגן אים דער קעניגלעכער הויף און מען פאַרטרויט אים אלס סטאַטס־מאַן פּאָליטיקער און פינאנסיסט צוזאמען מיט ר׳ אברהם סעניאָר דאָס אָנפירן מיט די פינאַנסן פון דער מלוכה.

די השפּעה פון די צוויי מלוכה־מענער האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן נישט גענוגנדיק, כדי צו פארמיידן די ווייטער־דיקע געשעענישן.

דעם 2־טן יאנואר 1492 פאָרן אריין פערדינאנד און איזא־בעללא מיט א פּאראד אין דער דעראָבערטער לעצטער פעס־טונג פון די מוזולמענער — קיין גראנאדע. דער גאנצער פּי־רענעיִשער האלבאינדזל געפינט זיך שוין אין די קריסטלעכע הענט. לויט דעם קעניגס דעקרעט פון דעם 31־טן מערץ 1492 מוזן אלע יידן פארלאָזן שפּאניע און מעגן מיט זיך מיטנע־

מען „דאָס גאנצע פארמעגן“ אחוץ גאָלד, זילבער, מטבעות און טייערע קליידער, דאָס הייסט — כמעט גאָרנישט. די לעגענדע דערציילט, אז אין דער צייט ווען אברבנל און אב־רהם סעניאָר האָבן אינטערווענירט ביי דעם קעניג לטובת די יידן און געוואָלט אים באצאָלן א גרויסע סומע געלט פאר אנולירן דעם דעקרעט, האָט זיך דאָרט ארייגעריסן טאָר־קוועמאדאָ מיט דעם קרייץ אין דער האנט און גענומען מוסרן די קעניגלעכע פּאָר, אז זיי פארקויפן דאָס קריסטנטום פאַר „30 זילבערשטיק“. דער דעקרעט איז נישט אנולירט געוואָרן. די יידן האָבן אָנגעהויבן פארקויפן דאָס אייגנטום פאר כמעט בחינם, טארקוועמאדאָ און זיינע מיסיאָנערן האָבן ווייטער געפירט אן אגיטאציע פאַרן שמד, אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן, דער עיקר, גרויסבאזיצער גענומען אָן דאָס קריסטנטום, אָבער דער גרויסער פשוטער יידישער מאסע איז שוין גוט באקאנט דער גורל פון די אנוסים און זייערע „גליקן אין דער נייער אמונה“.

אין דעם פאטאלן טאָג פאַר דער יידישער אומה, אין תשעה־באב, דעם 2־טן אויגוסט 1492, האָבן זיך געלאָזט אין גלות־וועג איבער 300.000 יידן — מענער, פרויען, זקנים און קינדער. די קללות פון דער תוכחה האָבן נאָכגעיאָגט די גולים. א טייל פון זיי זענען אָנגעקומען קיין פּאָרטוגאל, וו מען האָט זיי דערלויבט צו באזעצן זיך אויף 8 חדשים פאר אן אָפּ־צאָל פון 8 קרוזאדאָס פון אַ קאָפּ. 12.000 נפשות זענען אָנ־געקומען קיין נאוואַרע, אָבער באלד האָט מען זיי געהייסן פארלאָזן דאָס לאנד, אָדער שמדן זיך. א סך האָבן געפּרוווט צו ראטעווען זיך מיט שיפן און האָבן געפונען די אייביקע רו אויפן גרונט פון די צעבושעוועטע ימים אָדער פאַרקויפט געוואָרן אלס שקלאפן אין פרעמדע לענדער.

די גולי ספרד האָבן געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט אין אפריקע, אין איטאליע און געפונען דאָרט פאַרהאַקטע טויע־רן. צווישן די מאסן וואַנדערער האָבן זיך פאַרשפרייט מגפות און טויזנטער זענען געפאַלן פון הונגער, קראַנקהייטן און נויט. טייל יידישע קינדער האָט זיך געלאָזט אָפּשמדן פאַר אַ שטיקל ברויט. אויף די אינדזלען קארפו און קאַנדיע האָט מען אַלע אָנגעקומענע דאָרט גולי ספרד פאַרקויפט אַלס שקלאַפן קיין פערסיע. צום שאַנד פון אַ טייל יידישע קהי־לות איז כדאי צו דערמאָנען דעם פאַקט, אז די דאָרטיקע פרנסים האָבן אינטערווענירט ביי דער מאַכט, אַז מען זאָל זייערע געיאָגטע און געפלאָגטע פאָלקס־ברידער נישט אריינ־לאָזן. אזוי איז עס געווען אין רוים און אנקאָנע. בלויז די טערקישע מאכט האָט פריי אריינגעלאָזט די יידן, און באקאנט זענען די ווערטער פון סולטאַן באיאזעט, וועלכער האָט זיך געזאָלט אזוי אויסדרוקן: „איר האַלט פערדינאַנדן פאר א קלוגן מלך, אים, וואָס האָט דערפירט זיין אייגן לאַנד צו דער ירידה און בארייכערט מיין לאַנד מיט אזויפיל פאר־מעגן און מענטשן?“.

און באמת איז שפאניע נאָך דעם גירוש פון די יידן פאר־אָרעמט געוואָרן. די שטעט זענען ליידיק געוואָרן. עס האָבן געפעלט אין לאנד בעלי־מלאכות, סוחרים, דאָקטוירים. דער קולטורעלער יידישער עלעמענט, וואָס האָט אזויפיל בייגע־טראָגן צו דעם וווקס פון לאנד, האָט נאָך לאנג נישט באקו־מען קיין נאָכפאָלגער אין די רעאקציאָנערע פעאָדאלע באַ־דינגונגען, וואָס האָבן געהערשט יאָרלאנג נאָך דעם גירוש אין דעם פינצטערן קלעריקאַלן שפאניע. פון דעמלט אָן הייבט זיך אָן די ירידה פון שפאניע אלס גרויסמאכט.

דעם 2־טן אויגוסט 1492 האָבן די יידן פאַרלאָזט שפאניע

און דעם 3־טן אויגוסט פון דעם זעלבן יאָר איז געפאָרן קאָ־
לומבוס אנטדעקן די נייע וועלט. זיין רייזע איז געוואָרן פי־
נאנסירט דורך איינעם פון די אנוסים (לוי סאנטאנגעל), און
אויף זיין שיף האָבן זיך געפונען אויך אייניקע אנוסים.

דער יידישער צענטער אין שפאניע מיט א רייכער גע־
שיכטע פון קולטורעלער און גייסטיקער שאפונג, מיט אַ רי־
זיקער השפעה אויף דער אנטוויקלונג פון יידישן פאָלק אויף
דורות — איז אונטערגעגאנגען. אָבער אין דער זעלבער צייט
שטייט שוין שטארק אויף די פיס דער אויפגייענדיקער יידי־
שער צענטער אין פוילן. די קייט פון דורות איז נישט אי־
בערגעריסן געוואָרן.

## די יידן אין פּאָרטוגאַל

די געשיכטע פון די יידן אין פאָרטוגאל איז ענלעך צו
דער געשיכטע פון די יידן אין שפאניע. אויך דאָ זענען זיי
אָנגעקומען מיט דעם גרויסן עמיגראציע־שטראָם קיין מערב
אין דער קריסטלעך־רוימישער צייט. די ערשטע היסטאָרישע
שפּורן וועגן זיי האָבן מיר פון XII י"ה. די קעניגן פון פאָר־
טוגאל פירן נישט אוים די סינאָדאלע גזירות און באנוצן זיך
מיט די יידישע פאָטענטאטן אין דער אדמיניסטראציע פון
לאַנד. ביי דעם קעניג דיאניזיוס (1279—1321) פארנעמט
דער הויפּט־רב יהודה דעם פאָסטן פון פינאנס־מיניסטער. די
מהומות פון 1391 און פון די צייטן פון פערער (1412—
1414) האָבן זיך נישט איבערגעטראָגן קיין פאָרטוגאל. די
יידן האָבן גענאָסן פון אַ ברייטער אויטאָנאָמיע. בראש פון
אלע קהילות (יודאריעס), איז געשטאנען דער הויפט־רב,

וואָס האָט אין נאָמען פון קעניג נאָמינירט די רבנים פון די קהילות אין די פּראָווינצן. אין דער עקאָנאָמיק פון לאַנד האָבן די יידן פאַרנומען אַ חשוב אָרט. כמעט דער גאַנצער אינער־לעכער און מעבר־לים־האַנדל האָט זיך געפונען אין זייערע הענט.

אויפן געביט פון קולטורעלן לעבן זענען דאָרט טעטיק געווען אַ ריי געלערנטע און צווישן זיי דער אויבנדערמאָנטער יצחק אברבנל און דער גרויסער אסטראָנאָם און געאָגראַף אברהם זאַקוטא (דער מחבר פון „ספר היוחסין“). אין לאַנד האָבן עקזיסטירט אַ סך ישיבות און דאָרט זענען אויך געשאַפן געוואָרן די ערשטע יידישע דרוקערייען (ליסאַבאָן, פארא). נאָך דעם גירוש ספרד האָבן זיך דאָרט באַזעצט ארום 60.000 שפּאַנישע יידן אויף די אויבנדערמאָנטע באַדינגונגען (צווישן זיי אויך אנוסים). באַלד אָבער האָבן זיך אָן קעגן זיי רדיפות און עס חזרט זיך איבער דער גורל פון אַנדערע גולי ספרד.

אין 1496 יאָר האָט דער קעניג מאַנועל אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז די יידן מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד במשך פון 11 חדשים. אין באַשטימטן טערמין האָבן זיך אין ליסאַבאָן פאַרזאַמלט ארום 20.000 יידן און געוואָלט זיך פאַרלאָדן אויף שיפן. די קליינע צאָל שיפן האָט אָבער נישט געקאָנט פאַרנעמען אזויפיל גולים, און ווען דער טערמין פון גירוש איז אויסגעגאַנגען האָט מען די פאַרבליבענע מיט צוואַנג אָפּגעשמדט

אין אַנדערע ערטער האָט דער קעניג באַפוילן מיט צוואַנג אָפּצושמדן אַלע יידישע קינדער ביז 14 יאָר. עס זענען פאָרגעקומען מאַסן־קידוש־השם־אַקטן, ווו די עלטערן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוזאַמען מיט די קינדער. נאָך דעם

1497 יאָר זענען אין פּאָרטוגאַל אָפיציעל נישט געווען קיין ייִדן. אַ סך אָבער אנוסים האָבן ווייטער זיך געהאַלטן ביי די יידישע מנהגים. אין יאָר 1506 איז אין ליסאַבאָן פאָרגעקומען אַ מאַסן־שחיטה, וווּ עס זענען געפאַלן טויזנטער קרבנות צווישן די אנוסים. אין 1540 זענען אין פּאָרטוגאַל איינגעפירט געוואָרן די אינקוויזיטאָרישע טריבונאַלן, וואָס האָבן געשיקט טויזנטער אנוסים אויף די שייטערהויפנס. נאָך אין 1739 איז דער גרויסער פּאָרטוגאַלישער דראַמאַטורג אַנטאָניאָ באָזע דא סילווא פאַרברענט געוואָרן אויף דעם שייטערהויפן פאַר דעם „חטא" פון האַלטן זיך געהיים אין יידישקייט. אַ גרויסער טייל אנוסים האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד, כדי אין חוץ־לארץ צוריקקערן זיך צום יידנטום. פון אזעלכע עמיגראַנטן איז געשאַפן געוואָרן אין XVI י"ה די גרויסע ספרדישע קהילה אין אמסטערדאַם, וואָס איז געוואָרן אַן עיר ואם בישראל.

## דער ווייטערדיקער גורל פון די גולי ספרד און פּאָרטוגאַל

### די ספרדים

די עמיגראַציע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל איז געגאַנגען אין דריי ריכטונגען: אין די קריסטלעך־אייראָפּעישע לענדער (פראַנקרייך, איטאַליע, האָלאַנד, ענגלאַנד און בולגאַריע), אין די ניי־אַנטדעקטע לענדער פון דרום־אַמעריקע און אין די מוזולמענישע געביטן (צפון־אַפריקע און אָטאָמאַנישער אימפּעריע).

אַ גרויסע צאָל עמיגראַנטן האָט זיך באַזעצט אין די אי־

טאַליענישע שטעט. צווישן די געלערנטע, וואָס האָבן דאָרט אויפגעלעבט דאָס קולטורעלע לעבן, געפינט זיך די משפחה אברבנאל. זייער פּאָפּולער זענען געווען די יידישע דאָקטוירים פון שפּאַניע. כמעט אויף יעדן קעניגלעכן הויף האָט זיך גע-פונען אַ יידישער לייב-דאָקטאָר פון שפּאַניע (אפילו ביי דעם פויפּסט אלעקסאנדער VI באָרדזשיאַ, האָט געלעבט דער באַ-רימטער יידישער דאָקטאָר באָנע דע לאַטעס). קעגן דעם איינפלוס פון דעם רירעוודיקן יידישן עלעמענט (אויך אין די געביטן פון עקאָנאָמיק) ווערן זיך די אָרטיקע שטעט, און די שטאָט וועניציע פאַרמאַכט די יידן אויף דעם אינדזל געטאַ-רע, פון וועלכן עס שטאַמט דער נאָמען פון אַלע יידישע פאַרמאַכטע קוואַרטאַלן אין די שטעט — געטאָ.

פיל ספרדישע קהילות ווערן געשאַפן אין צפון-אפריקע (טונים, פעז, מאַראָקאָ, מצרים). אין טונים האָט זיך באַ-זעצט דער אויבנדערמאָנטער געאָגראַף אברהם זאקוטאַ. מיט זיינע טעאָרעטישע אויסרעכענונגען האָט זיך באַנוצט דער באַקאַנטער רייזנדער וואַסקאָ דע גאַמאַ. צוממערסטן גולי ספרד האָבן זיך באַזעצט אין טערקיי. עס אַנטשטייט דאָרט נייע קהילות. דער סולטאַן מוחמד II, נאָכדעם ווי ער האָט דעראָבערט ביזאַנץ (קאָנסטאַנטינאָפּאָל), האָט דערלויבט די יידן צו באַזעצן אין זיין גאַנצער אימפּעריע. עס אַנטשטייען דעמלט די ספרדישע קהילות אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און שפּעטער אין סאַלאָניקי. אויך אין ארץ-ישראל וואַקסט דער ספרדישער ישוב. דאָרט איז טעטיק געווען דער באַקאַנטער געלערנטער און מפרש ר׳ עובדיה מברטינורו.

די שפּאַנישע און פּאָרטוגאַלישע עמיגראַנטן — די ספרדים שאַפן אין זייערע קהילות אַן אייגנאַרטיקן נוסח פון לעבנס-שטייגער און אונטערשיידן זיך פון די דייטשיש-פּוילישע יידן

(די אשכנזים) מיט פיל מנהגים, נוסח פון דער תפילה, אין דינים פון משפחה־לעבן (זיי האלטן נישט פון חרם דרבינו גרשון, וואָס פארווערט די פּאָליגאמיע).

פון שפּאניע און פּאָרטוגאל האָבן זיי מיט זיך מיטגענו־מען די אָרטיקע שפּראכן, פון וועלכע עס האָבן זיך אין פאר־לויף פון דורות אנטוויקלט שפּאניאָליש (לאדינא) און אַ מין פּאָרטוגאלישער „יידיש". מיט די דאָזיקע „יידישע" שפּראכן באנוצן זיך די ספרדישע פאָלקס־מאסן ביזן הייַנטיקן טאָג. צוליב דעם וואָס די מערהייט ספרדישע קהילות האָבן זיך גע־פונען יאָרנלאנג אונטער דער מוזולמענישער הערשאפט (צפון־אפריקע, טערקישע אימפּעריע), טראָגט דער לעבנס־שטייגער און די קולטור פון די ספרדים מער אן אריענטאַ־לישן כאראקטער.

---

# די וויכטיקסטע דאַטעס

| | | |
|---|---|---|
| דער עלווירער סינאד | 306 | יאָר |
| דער קעניג רעקארעד פּראָקלאַמירט דעם קאַטאָ־ליציזם אַלס מלוכה־רעליגיע | 589 | „ |
| דאָס איינעמען שפּאַניע דורך די אַראַבער | 711 | „ |
| דאָס אַנטשטייען פון קאָרדאָווער קאַליפאַט | 756 | „ |
| חסדאי אבן שפרוט | אַן ערך 910—970 | „ |
| רבי שמואל הנגיד | 993—1055 | „ |
| רבי שלמה אבן גבירול | אַן ערך 1020—1070 | „ |
| דער קעניג פון פאַראייניקטער קאַסטיליע נעמט איין טאָלעדאָ | 1085 | „ |
| די אלמאראווידן פאַרברענען קארדאווע | 1148 | „ |
| ר׳ משה אבן עזרא | 1070—1138 | „ |
| ר׳ יהודה הלוי | 1085—1140 | „ |
| ר׳ אברהם אבן עזרא | 1092—1167 | „ |
| ר׳ משה בן מיימון | 1135—1204 | „ |
| דאָס דערשינען פון דעם זוהר | צווייטע העלפט XIII | י״ה |
| די פּאָגראָמען אין די צייטן פון דער טשו־מע־מגפה | 1348 | יאָר |
| דער אַנטי־יידישער באַשלוס פון די קארטעזן | 1371 | „ |
| די ערשטע מאַסן פּאָגראָמען אין שפּאַניע | 1391 | „ |
| דער דיספוט אין טארטאזע | 1412—1414 | „ |
| דער סטאַטוט פון יידישע קהילות אין קאַ־סטיליע | 1432 | „ |

| | |
|---|---|
| דער באַפעל פון פויפסט מיקאָלאַי V אַריינצו־פירן די אינקוויזיציע קעגן די מאַראַ־נען | „ 1451 |
| פערדינאַנד און איזאַבעללאַ באַשטעטיקן דעם אינקוויזיטאָרישן געריכט | „ 1480 |
| טאָרקוועמאדא אַלס פּרעזידענט פון דער אינ־קוויזיציע | „ 1498—1485 |
| דער גירוש ספרד | „ 1492 |
| דער גירוש פּאָרטוגאַל | „ 1497 |

# רעקאָמענדירטע לעקטור

ה. גרעץ, די יודישע געשיכטע, באַארבעט פון ה. צייטלין, ב. VIII, פאַרלאַג שימין, וואַרשע 1914.

I אָפּטייל קאַפּ.: II יודען אין שפּאַניען אונטער די וועסט־גאָטן און אַראַבער.

II אָפּטייל קאַפּ.: III די ווייטערדיקע אויסבילדונג פון שפּאַנישן יודענטום.

„ „ V יודען אין שפּאַניען אונטער די אלמאראַווידען.

„ „ VI די שמד גזרות אין די מחמד'נישע לענדער.

„ „ VII די יודישע לאַגע אין דער עפּאָכע פון רמבם.

ה. גרעץ, די יודישע געשיכטע, באַארבעט פון ה. צייטלען, ב. IX, פאַרלאַג שימין, וואַרשע 1914.

קאַפּיטלען: VIII ר' משה בן מיימון.

„ X די אויפבליהונג פון דער קבלה.

„ XI די שרעקלעכע רדיפות און די וויכוחים איבערן תלמוד.

„ XII די ווייטערדיקע ענטוויקלונג פון דער קבלה.

„ XIV „דער שוואַרצער טויט".

„ XV די ירידה פון שפּאַנישן יודענטום, די מאַראַנען און זייער עפּאָכע.

שמעון דובנאָוו, געשיכטע פון יידן אין אייראָפּע, ב. I, פאַרלאַג ייוו'אָ, ווילנע 1939.

ערשטער אָפּטייל: פּעריאָד פון דער קאָלאָניזירונג פון אייראָפּע ביז דער באַצווינגונג פון שפּאַניע דורך די אַראַבער אין יאָר 711.
צווייטער אָפּטייל: קאַפּיטל III, דער קולטור צענטער אין דער אַראַבישער שפּאַניע.
דריטער אָפּטייל: קאַפּיטל II, יידן אין שפּאַניע אין לעצטן י"ה פון דער מוסלימישער ממשלה.

M. B a ł a b a n, Historia i Literatura Żydowska, t. II, Nakładem Ż. N. im. Ossolińskich, Lwów, 1920
Rozdziały: I Na gruzach imperium rzymskiego (w. Żydzi w Hiszpanii)
III Świetność Żydów w Hiszpanii (wiek VIII — XIII)
VII Epoka upadku Żydów w Hiszpanii

H. N u s s b a u m, Historia Żydów, t. III, Warszawa 1899
Rozdziały: XI, XII, XIII, XIV

H. N u s s b a u m, Historia Żydów, t. IV, Warszawa 1899
Rozdziały: I, II, III, IV, V, VI

J. A. Ś w i ę c i c k i, Historia Literatury Żydowskiej, T. II, Cz. II, Warszawa 1903

ב נ י מ י ן פ ו ן ט ו ד ע ל א, מסעות רבי בנימין (יידיש).
י ה ו ד ה ה ל ו י, באַרבעט פון מורים רוזנפעלד. ניו־יאָרק 1907.
ר. מ א ה ל ע ר, דער גאון פון יידישן געדאַנק אין מיטלאַלטער, סעפּעראַט איבערדרוק פון „פּאַריזער צייטשריפט“ נומ. 14.
י. י. ש ו אַ ר ץ, אונזער ליד פון שפּאַניע. אידישער קולטור, ניו־יאָרק 1931.
א. צ פ ר ו נ י, מכתב חסדאי בר שפרוט ליוסף מלך הכוזרים, ותשובת המלך, „אמנות“, תל־אביב, 1932.